# וו. אי. לעבין

# וועגן ליטעראַטור

פאַרלאַג „יידיש-בוך" • וואַרשע 1951

# W. I. LENIN O LITERATURZE

Tłumaczył z języka rosyjskiego
D. SFARD

Redaktor: D. SFARD

Okładkę projektował: B. PACANOWSKI

Wydawnictwo «Idisz-Buch» Warszawa 1951

Nakład 3.000 egz. Ark. wyd. 8,3, ark. druk. 9. Nr zam. 313. 2-B-19929
Druk. „Nowe Życie", Al. Gen. K. Świerczewskiego 79.



לענין אין 1920 י.

# די פּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציע און פּאַרטייאישע ליטעראַטור

די נייע באַדינגונגען פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעט, וועלכע האָבן זיך געשאַפן אין רוסלאַנד נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע [1], האָבן אַרויסגערוקט אויפן טאָג־אָרדענונג די פראַגע וועגן פּאַרטייאישער ליטעראַטור. דער אונטערשיד צווישן אומלעגאַלע און לעגאַלע דרוק־זאַכן, די דאָזיקע טרויעריקע ירושה פון דער לייבאייגענער עפּאָכע, פון דעם זעלבסט־הערשערישן רוסלאַנד, הייבט אָן צו פאַרשווינדן. זי איז נאָך נישט אָפּגעשטאָרבן, ווייט נאָך נישט. די הפקרות פון דער צביעותדיקער רעגירונג פון אונדזער פּרעמיער־מיניסטער דערגייט נאָך דערצו, אַז די „ידיעות פון ראַט פון די אַרבעטער־דעפּוטאַטן" דרוקט זיך „אומלעגאַל", נאָר, אויסער חרפּה פאַר דער רעגירונג, אויסער נייע מאָראַלישע קלעפּ פאַר איר, קומט גאָרנישט אַרויס פון די נאַרישע פּרוּוון צו „פאַרווערן" דאָס, וואָס צו שטערן איז די רעגירונג נישט בכוח.

ווען עס האָט עקזיסטירט דער אונטערשיד צווישן אומלעגאַלע און לעגאַלע דרוק־זאַכן, איז די פראַגע וועגן פּאַרטייאישע און אומפּאַרטייאישע דרוק־זאַכן געלייזט געוואָרן אויסערגעוויינלעך פּשוט און אויסערגעוויינלעך פאַלש, אומגעלומפּערט. אַלע אומלעגאַלע דרוק־זאַכן זיינען געווען פּאַרטייאיש, אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך אָרגאַניזאַציעס, צוגעגרייט געוואָרן דורך גרופּן, וועלכע זיינען אַזוי אָדער אַנדערש געווען פאַרבונדן מיט גרופּן פון פּראַקטישע פּאַרטייטוער. אַלע לעגאַלע דרוק־זאַכן זיינען געווען נישט פּאַרטייאיש — ווייל די פּאַרטיי איז געווען אונטער אַ פאַרבאָט — נאָר „גראַוויטירט" צו דער אָדער יענער פּאַרטיי. עס זיינען געווען אומפאַרמיידלעך אומגעלומפּערטע פאַרבינדונגען, אומנאָרמאַלע „צוזאַמענלעבן", פאַלשע דעקונגען. מע האָט צונויפגעמישט געצוווּנגענע נישט

דערזאַגטקייטן פון מענטשן, וועלכע האָבן געוואָלט אויסדריקן פּאַרטייאישע אָנשויאונגען, מיט גערדאַנקלעכער אויבערפלעכלעכקייט אָדער פּחדנות פון אזעלכע, וואָס זיינען נישט דערוואַקסן צו די דאָזיקע אָנשויאונגען, וואָס זיינען, אין תוך, נישט געווען קיין מענטשן פון דער פּאַרטיי.

פאַרשאָלטענע צייט פון עזאָפישע רעדעס, ליטעראַרישער דינערישקייט, משרתישער שפּראַך, אידעיישער קנעכטשאַפט! דער פּראָלעטאַריאַט האָט א סוף געמאַכט צו דעם דאָזיקן עקל, פון וועלכן עס האָט זיך נערשטיקט אַלץ, וואָס איז לעבעדיק און פריש אין ראַסיי. נאָר דער פּראָלעטאַריאַט האָט דערווייל אויסגעקעמפט בלויז א האַלבע פרייהייט פאַר רוסלאַנד.

די רעוואָלוציע איז נאָך נישט פאַרענדיקט. אויב דער צאַריזם איז שוין נישט בכוח צו באַזיגן די רעוואָלוציע, איז די רעוואָלוציע, נאָך נישט בכוח צו באַזיגן דעם צאַריזם. און מיר לעבן אין אַזאַ צייט, ווען אומעטום און אויף אַלץ איז צו דערקענען די דאָזיקע אומנאַטירלעכע צונויפפּאָרונג פון דער אָפענער, ערלעכער, גלייכער, קאָנסעקווענטער פּאַרטייישקייט מיט דער אונטערערדישער, באַהאַלטענער, „דיפּלאָמאַטישער", פלינקער, „לעגאַלימעט". די דאָזיקע אומנאַטירלעכע צונויפפּאָרונג פילט זיך אויך אין אונדזער צייטונג: וויפל דער הער גוטשקאָוו זאָל נישט שאַרפן זיין צונג אויפן חשבון פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער טיראַניע, וועלכע פאַרווערט דרוקן ליבעראַל־בורזשואַזע, מעסיקע צייטונגען, דער פאַקט בלייבט פאַרט פאַקט, דער צענטראַלער אָרגאַן פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי, „פּראָלעטאַריער", בלייבט נאָך אַלץ הינטער דער טיר פון דעם זעלבסטהערשעריש־פּאָליציייאישן רוסלאַנד.

ווי ס'זאָל נישט זיין, נאָר די האַלבע רעוואָלוציע צווינגט אונדז אַלעמען באַלד זיך צו נעמען פאַר ברענגען אין אָרדענונג דעם ענין אויפסניי. די ליטעראַטור קאָן איצט, אפילו „לעגאַל", זיין אויף 9/10 פּאַרטייאיש. די ליטעראַטור דאַרף ווערן פּאַרטייאיש. אין קעגנזאַץ צו די בורזשואַזע מנהגים, אין קעגנזאַץ צו דער בורזשואַזער אונטערנעמערישער, קרעמערישער, פּרעסע, אין קעגנזאַץ צום בורזשואַזן ליטעראַרישן קאַרייעריזם און אינדיווידואַליזם, „פּריצישן אַנאַרכיזם" און געיעג נאָך ריווח — דאַרף דער סאָציאַליסטישער פּראָלעטאַריאַט אַרויסרוקן דעם פּרינציפּ פון פּאַרטייאישער ליטעראַטור, אַנטוויקלען דעם דאָזיקן פּרינציפּ און דורכפירן אים אין לעבן אין א ווי מעגלעך פולערער און גאַנצערער פאָרם.

און וואָס זשע באַשטייט דער דאָזיקער פּרינציפּ פון פּאַרטייאישער ליטעראַטור? נישט בלויז אין דעם, וואָס פאַרן סאָציאַליסטישן פּראָלעטאַריאַט קאָן די ליטעראַרישע באַשעפטיקונג נישט זיין קיין מיטל פון

ריווח פאר פעריזאנען אדער גרופן, זי קאן בכלל נישט זיין קיין אינדיווידועלער ענין, אומאפהענגיק פון דער אלגעמיינער פראלעטארישער זאך. נידער מיט די אומפארטייאישע ליטעראטן! נידער מיט די ליטעראטן אויבער־מענטשן! די ליטעראַרישע טעטיקייט דארף ווערן א טייל פון דער אלגעמיינער פראלעטארישער זאך, „א רעדעלע און שרייפעלע” פון דעם איין און איינציקן, גרויסן סאציאל־דעמאקראטישן מעכאניזם, וועלכער ווערט געבראכט אין באוועגונג דורך דעם גאנצן באוווסטזיניקן אוואנגארד פון גאנצן ארבעטער־קלאס. די ליטעראַרישע טעטיקייט דארף ווערן א באשטאנד־טייל פון דער ארגאניזירטער, פלאנמעסיקער, פאראייניקטער סאציאל־דעמאקראטישער פארטייאישער ארבעט.

„יעדער פארגלייך הינקט”, זאגט א דייטשיש שפריכווארט. עס הינקט אויך מיין פארגלייך פון דער ליטעראטור מיט א שרייפעלע, פון א לעבעדיקער באוועגונג מיט א מעכאניזם. עס וועלן זיך אפילו געפינען, מעגלעך, היסטערישע אינטעליגענטן, וועלכע וועלן אויפהייבן א געשריי צוליב אזא פארגלייך, וואס דערנידעריקט, טייט אפ, „ביוראקראטיזירט” דעם פרייען אידעישן קאמף, די פרייהייט פון קריטיק, די פרייהייט פון ליטעראַרישן שאפן א. א. וו. א. א. וו. אין תוך גענומען, וואלטן אזעלכע געשרייען געווען בלויז אן אויסדרוק פון בורזשואזן־אינטעליגענטישן אינדיווידואליזם. קלאר, די ליטעראַרישע טעטיקייט פאלט ארונטער ווייניקער פון אלץ דעם מעכאנישן פארגלייך, דער ניוועלירונג, דער הערשאפט פון דער מערהייט איבער דער מינדערהייט. קלאר, אין דער דאזיקער טעטיקייט איז אומבאדינגט נייטיק די פארזיכערונג פון א גרעסערן שטח פאר פערזענלעכער איניציאטיוו, אינדיווידועלע נייגונגען, פון א רוים פאר געדאנק און פאנטאזיע, פארם און אינהאלט. דאס אלץ איז נישט צו באשטרייטן, נאר דאס אלץ באווייזט בלויז, אז דער ליטעראַרישער טייל פון דער פארטייאישער ארבעט פון פראלעטאריאט קאן נישט זיין אויף א שאבלאנעם אופן אידענטיפיצירט מיט אנדערע טיילן פון דער פארטייאישער ארבעט פון פראלעטאריאט. דאס אלץ פרעגט לחלוטין נישט אפ די הנחה, וואס איז פרעמד און אויסטערליש פאר דער בורזשואזיע און בורזשואזער דעמאקראטיע, אז די ליטעראַרישע ארבעט דארף אומבאדינגט ווערן א טייל פון דער סאציאל־דעמאקראטישער פארטייאישער ארבעט, ענג פארבונדן מיט די איבעריקע טיילן. די צייטונגען דארפן ווערן ארגאנען פון פארשידענע פארטייאישע ארגאניזאציעס. די ליטעראטן דארפן אומבאדינגט אריינגיין אין די פארטייאישע ארגאניזאציעס. די פארלאגן און סקלאדן, די מאגאזינען און לייען־זאלן, די ביבליאטעקן און פארשי־

דיקע בוך־האַנדלונגען — דאָס אַלץ דאַרף ווערן פּאַרטייאיש, אונטערליגן אַ קאָנטראָל.

דער אָרגאַניזירטער סאָציאַליסטישער פּראָלעטאַריאַט דאַרף די דאָזיקע גאַנצע אַרבעט נאָכפאָלגן, קאָנטראָלירן, דאַרף אין דער דאָזיקער גאַנצער אַרבעט, אָן קיין שום אויסנאַם, אַריינטראָגן דעם לעבעדיקן שטראָם פון דער לעבעדיקער פּראָלעטאַרישער זאַך, אָפּנעמענדיק, אַזוי אַרום, יעדן באָדן ביים פאַרצייטישן, האַלב־אָבלאָמאָווישן *, האַלב־קרעמערישן רוסישן פּרינציפּ: דער שרייבער שרייבט זיך, דער לייענער לייענט זיך.

מיר ווילן נישט זאָגן, פאַרשטייט זיך, אַז די דאָזיקע איבערגעשטאַלטיקונג פון דעם ליטעראַרישן פאַך, וואָס איז געוואָרן פאַרדאָרבן דורך דער אַזיאַטישער צענזור און אייראָפּעישער בורזשואַזיע, וואָלט געקאָנט פאָרקומען מיטאַמאָל. מיר זיינען ווייט פונעם געדאַנק צו פּראָפּאַגירן אַ וועלכע־ס'איז איינפאָרמיקע סיסטעם, אָדער אַ לייזונג פון דער אויפגאַבע דורך אייניקע פאַראָרדענונגען. ניין, וועגן סכעמאַטישקייט קאָן אין דעם געביט צום ווייניקסטן זיין אַ רייד. עס גייט אין דעם, אַז די גאַנצע פּאַרטיי אונדזערע, אַז דער גאַנצער באַוווסטזיניקער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּראָלעטאַריאַט פון גאַנץ רוסלאַנד זאָל באַנעמען די דאָזיקע נייע אויפגאַבע, זי קלאָר אוועקשטעלן און זיך אַ נעם טאָן אומעטום און איבעראַל פאַר איר לייזונג. אַרויסגייענדיק פון דער געפאַנגענשאַפט ביי דער לייב־אייגנטימערישער צענזור, ווילן מיר נישט גיין און וועלן נישט גיין אין דער געפאַנגענשאַפט צו די בורזשואַזיש־קרעמערישע ליטעראַרישע פאַרהעלטענישן. מיר ווילן שאַפן און מיר וועלן שאַפן אַ פרייע ליטעראַטור נישט בלויז אין פּאָליציייִשן זין, נאָר אויך אין זין פון פריי זיין פון קאַפּיטאַל, פון פריי זיין פון קאַריעריזם; — נאָך מער: אויך אין זין פון פריי זיין פון בורזשואַזיש־אַנאַרכישן אינדיווידואַליזם.

די דאָזיקע לעצטע ווערטער וועלן אויסזען ווי אַ פּאַראַדאָקס, אָדער ווי אַ חוזק איבערן לייענער. וואָס! וועט זיכער אויסשרייען אַ וועלכער ס'איז אינטעליגענט, אַ היציקער אָנהענגער פון פרייהייט, וואָס! איר ווילט אונטערוואַרפן דעם קאָלעקטיוו אַזאַ איידעלע אינדיווידועלע זאַך, ווי ליטעראַריש שאַפן! איר ווילט, אַז די אַרבעטער זאָלן מיט אַ מערהייט שטימען באַשליסן וועגן פראַגן פון וויסנשאַפט, פילאָזאָפיע, עסטעטיק!

*) לויט דעם נאָמען פון גאָנטשאַראָווס אַ העלד „אָבלאָמאָוו". באַטייט: אַפּאַ-טיש, ווילנאָז — רעד.

איר פארלייקנט די אבסאָלוטע פרייהייט פון אבסאָלוט־אינדיווידועלן אידעישן שאפן!

— בארואיקט איך, מיינע הערן! ערשטנס האנדלט זיך דאָ וועגן פארטייאישער ליטעראטור און וועגן איר אונטערגעאָרדנטקייט דער פארטייאישער קאָנטראָל. יעדער איז פריי צו שרייבן און צו רעדן אלץ, וואָס אים ווילט זיך, אָן די מינדסטע באגרעניצונגען. נאָר יעדער פרייער פארבאנד (דערונטער אויך א פארטיי) איז אויך פריי צו פארטרייבן אזעלכע מיטגלידער, וועלכע באנוצן זיך מיט דער פירמע פון דער פארטיי פאר דער פראָפאגאנדע פון אנטיפארטייאישע איינשטעלונגען. די פרייהייט פון וואָרט און דרוק דארף זיין א פולקאָמע, אָבער אויך די פרייהייט פון פארבאנדן דארף זיין א פולקאָמע. איך בין פארפליכטעט אין נאָמען פון דער פרייהייט פון וואָרט צו געבן דיר די פולע מעגלעכקייט צו שרייען, צו זאָגן ליגן און צו שרייבן אלץ וואָס דיר געפעלט. נאָר דו ביסט פארפליכטעט אין נאָמען פון דער פרייהייט פון פארבאנדן צו געבן מיר דאָס רעכט צו שליסן אָדער איבעררייסן דעם בונד מיט מענטשן, וועלכע ריידן אָט־דאָס, אָט־יענץ. א פארטיי איז א פרייוויליקער פארבאנד, וועלכער וואָלט זיך אומפארמיידלעך צעפאלן, פריער אידעיש, און דערנאָך אויך מאטעריעל, ווען ער וואָלט זיך נישט אָפגערייניקט פון מיטגלידער, וועלכע פראָפאגירן אנטיפארטייאישע איינשטעלונגען. כדי צו באשטימען די גרענעץ צווישן דעם פארטייאישן און אנטיפארטייאישן, דינט די פארטייאישע פראָגראם, דינען די טאקטישע רעזאָלוציעס פון דער פארטיי און איר סטאטוט, דינט, ענדלעך, די גאנצע דערפארונג פון דער אינטערנאציאָנאַלער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, פון די אינטערנאציאָנאַלע פרייוויליקע פארבאנדן פון פראָלעטאריאט, וועלכער שליסט איין כסדר אין זיינע פארטייען באזונדערע עלעמענטן אָדער שטראָמען, וואָס זיינען נישט אינגאנצן קאָנסעקווענט, נישט אינגאנצן ריין־מארקסיסטיש, נישט אינגאנצן ריכטיק, אָבער וועלכער נעמט אויך אונטער כסדר פעריאָדישע „רייניקונגען" פון זיין פארטיי. אזוי וועט זיין אויך ביי אונדז, הערן אָנהענגער פון דער בורזשואזער „פרייהייט פון קריטיק", אינערהאַלב דער פארטיי: איצט ווערט ביי אונדז מיטאַמאָל די פארטיי א מאסן־פארטיי, איצט לעבן מיר איבער א ראשיקן איבערגאנג צו אן אָפענער אָרגאניזאציע, איצט וועלן ביי אונדז אריינקומען אומפארמיידלעך א סך נישט קאָנסעקווענטע (פון מארקסיסטישן שטאנדפונקט) מענטשן, מעגלעך, אפילו אייניקע גלויביקע, מעגלעך אפילו אייניקע מיסטיקער. מיר האָבן פעסטע מאָגנס, מיר האַרט־פעלזיקע מארקסיסטן. מיר וועלן זיי איבערקאָכן די דאָזיקע נישט־קאָנסעקווענטע מענטשן. די פרייהייט פון געדאנק און די פרייהייט פון קריטיק אינער־

האלב דער פארטיי וועלן אונדז קיינמאל נישט צווינגען צו פארנעמען וועגן דער פרייהייט צו גרופירן מענטשן אין פרייע פארבאנדן, וועלכע רופן זיך פארטייען.

צווייטנס, הערן בורזשואזע אינדיווידואליסטן, דארפן מיר אייך זאגן, אז אייערע רעדעס וועגן אבסאלוטער פרייהייט איז לויטער צביעות. אין א געזעלשאפט, וועלכע איז געגרינדעט אויף דער מאכט פון געלט, אין א געזעלשאפט, וווּ עס לעבן אין נויט די מאסן ארבעטנדיקע און עס פוסט־אונפאסעווען הייפלעך פון רייכע, קאן נישט זיין קיין פולע, ווירקלעכע „פרייהייט". צי זענט איר פריי פון אייער בורזשואזן ארויסגעבער, הער שרייבער? פון אייער בורזשואזן פובליקום, וואס פאדערט פון אייך פאר־נאגראפיע אין רעמלעך און אין בילדער, פראסטיטוציע אין דער פארם פון א „דערגענצונג" צו דער „הייליקער" סצענישער קונסט? די דאזיקע אבסאלוטע פרייהייט איז דאך א בורזשואזע אדער אנארכיסטישע פראזע (ווייל ווי א וועלט־אנשויונג, איז דער אנארכיזם א בורזשואזער אופן פון באנעמען, איבערגעדרייט אויף דער לינקער זייט). לעבן אין א געזעלשאפט און זיין פריי פון דער געזעלשאפט איז נישט מעגלעך, די פרייהייט פון א בורזשואזן שרייבער, קינסטלער, אקטריסע איז בלויז א פארמאסקירטע (אדער א צביעותדיק זיך מאסקירנדיקע) אפהענגיקייט פון געלט־זאק, פון באבאר, פון אויסהאלטונג.

און מיר, סאציאליסטן, דעמאסקירן די דאזיקע צביעות, רייסן אראפ די פאלשע שילדן, — נישט צוליב דעם, כדי צו באקומען א נישט־קלאסעווע ליטעראטור און קונסט (דאס וועט מעגלעך זיין בלויז אין א סאציאליסטישער נישט־קלאסעווער געזעלשאפט), נאר צוליב דעם, כדי דער צביעותדיק־פרייער, און אין דער ווירקלעכקייט מיט דער בורזשואזיע פארבינדענער ליטעראטור, אנטקעגנשטעלן א ווירקלעך־פרייע ליטעראטור, וועלכע איז אפן פארבונדן מיטן פראלעטאריאט.

דאס וועט זיין א פרייע ליטעראטור, ווייל נישט די געלט־גיריקייט און נישט קאריערע, נאר די אידיי פון סאציאליזם און דאס מיטגעפיל צו די ארבעטנדיקע וועלן ווערבירן אלץ נייע און נייע כוחות אין איר רייען. דאס וועט זיין א פרייע ליטעראטור, ווייל זי וועט דינען נישט קיין איבערגעזעטיקטער העלדין, נישט די „אייבערשטע צען טויזנט", וועלכע לאנגווייליקן זיך און ליידן פון פארפעטסקייט, נאר מיליאנען און צענדליקער מיליאנען ארבעטנדיקע, וועלכע שטעלן מיט זיך פאר דאס בליעכיז פון לאנד, זיין קראפט, זיין צוקונפט. דאס וועט זיין א פרייע ליטעראטור, וועלכע באפרוכפערט דאס לעצטע ווארט פון דעם רעוואלוציאנערן גע־

דאַנק פון דער מענטשהייט מיט דער דערפאַרונג און לעבעדיקער אַרבעט פון סאָציאַליסטישן פּראָלעטאַריאַט, וועלכע שאַפט אַ כסדרדיקע קעגנזייטיקע באַווירקונג צווישן דער דערפאַרונג פון דער פאַרגאַנגענהייט (דער וויסנשאַפטלעכער סאָציאַליזם, וועלכער האָט פאַרענדיקט די אַנטוויקלונג פון סאָציאַליזם אָנהייבנדיק פון זיינע פּרימיטיווע, אוטאָפּישע פאָרמען) און דער דערפאַרונג פון דער קעגנוואַרט (דער קעגנוועדטיקער קאַמף פון די חברים אַרבעטער).

איז צו דער אַרבעט, חברים! פאַר אונדז שטייט אַ שווערע און נייע, אָבער אַ גרויסע און דאַנקבאַרע אויפגאַבע — אָרגאַניזירן אַ ברייטע, פאַרשידנזייטיקע און פאַרשידנאַרטיקע ליטעראַרישע טעטיקייט אין ענגן און אומצורייסבאַרן בונד מיט דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־באַוועגונג. די גאַנצע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע ליטעראַטור דאַרף ווערן אַ פאַרטייאישע. אַלע צייטונגען, זשורנאַלן, אַרויסגאַבן א. א. וו. דאַרפן זיך גלייך נעמען פאַר דער רעאָרגאַניזירנדיקער אַרבעט, פאַר דער צוגרייטונג פון אַזאַ צושטאַנד, אַז זיי זאָלן אויף די אָדער אַנדערע הנחות זיך איינשליסן אינגאַנצן אין די אָדער אַנדערע פאַרטייאישע אָרגאַניזאַציעס. בלויז העמלט וועט די „סאָציאַל־דעמאָקראַטישע" ליטעראַטור ווירקלעך ווערן אַזאַ, בלויז דעמלט וועט זי אימשטאַנד זיין צו דערפילן איר פליכט, בלויז דעמלט וועט זי אימשטאַנד זיין אין די ראַמען פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט אַרויסצורייסן זיך פון דער קנעכטשאַפט ביי דער בורזשואַזיע און זיך צוזאַמענגיסן מיט דער באַוועגונג פון דעם ווירקלעך פאָרויסגייענדיקן און ביז אין סוף רעוואָלוציאָנערן קלאַס.

„די פּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציע און פּאַרטייאישע ליטעראַטור" 1905, באַנד 8, זייט 386—390.

# פון דער פאַרגאַנגענהייט פון דער אַרבעטער־פּרעסע אין רוסלאַנד

די געשיכטע פון דער אַרבעטער־פּרעסע אין רוסלאַנד איז ענג פאַרבונדן מיט דער געשיכטע פון דער דעמאָקראַטישער און סאָציאַליסטישער באַוועגונג. דערפאַר, איז בלויז ווען מע ווייסט די הויפּט־עטאַפּן פון דער באַפרייונגס־באַוועגונג, קאָן מען ווירקלעך זיך דערשלאָגן צו פאַרשטיין, פאַרוואָס די צוגרייטונג און אַנטשטייונג פון דער אַרבעטער־פּרעסע זיינען געגאַנגען מיט אַזאַ און נישט מיט אַ וועלכן ס'איז אַנדערן וועג.

די באפרייונגס־באוועגונג אין רוסלאנד האט דורכגעמאכט דריי הויפט־עטאפן, אנטשפרעכנדיק די דריי הויפט־קלאסן פון דער רוסישער געזעלשאפט, וועלכע האבן ארויפגעלייגט זייער חותם אויף דער באוועגונג: 1) דער פריצישער פעריאד, מער וויניקער פון 1825 ביז 1861 יאר; 2) דער ראזנאטשיניִשער *, אדער בורזשואז־דעמאקראטישער, אומגעפער פון 1861 ביז 1895 יאר; 3) דער פראלעטארישער, פון 1895 ביז אין דער איצטיקער צייט.

די סאמע וויכטיקסטע טוער פון פריצישן פעריאד זיינען געווען די דעקאבריסטן און הערצען. אין יענער צייט, ביי דעם ליבאייגנטימערישן רעכט, האט וועגן דעם אויסטיילן אן ארבעטער־קלאס פון דער אלגעמיינער מאסע פון לייבאייגענעם, רעכטלאזן, „נידעריקן", „שווארצן" שטאנד קיין רייד נישט געקאנט זיין. די פארגייערין פון דער ארבעטער־פרעסע (דער פראלעטאריש־דעמאקראטישער אדער סאציאל־דעמאקראטישער) איז דעמאלט געווען די אלגעמיין־דעמאקראטישע נישט צענזורירטע פרעסע מיט דעם „קאלאקאל" [2] פון הערצענען אין דער שפיץ.

פונקט ווי די דעקאבריסטן האבן צעוועקט הערצענען, אזוי האבן הערצען און זיין „קאלאקאל" מיטגעווירקט צו דער דערוואכונג פון די „ראזנאטשינצעס", די געבילדעטע פארשטייער פון דער ליבעראלער און דעמאקראטישער בורזשואזיע, וועלכע געהערן נישט צום אדל, נאר צו די באאמטע, קליינבירגער, סוחרים און פויערים. דער פארגייער פון פולשטענדיקן ארויסשטויסן די פריצים דורך די „ראזנאטשינצעס" אין אונדזער באפרייונגס־באוועגונג איז נאך בעת דעם לייבאייגנטימערישן רעכט געווען וו. ג. ביעלינסקי. זיין בארימטער „בריוו צו גאגאלן", וועלכער פירט אונטער א סך־הכל פון דער ליטעראַרישער טעטיקייט פון ביעלינסקין, איז געווען איינס פון די בעסטע ווערק פון דער נישט צענזורירטער דעמאקראטישער פרעסע, וועלכע האבן אייגנעהיט א קאלאסאלע, אקטועלע בארייטונג אויך ביז אין דער היינטיקער צייט.

דער אונטערגאנג פון לייבאייגנטימערישן רעכט האט ארויסגערופן דאס דערשיינען פון דעם ראזנאטשיניעץ, ווי דעם הויפט־מאסן־טוער פון דער באפרייונגס־באוועגונג בכלל און פון דער דעמאקראטישער נישט צענזורירטער פרעסע בפרט. די הערשנדיקע ריכטונג, וועלכע האט אנטשפראכן דעם שטאנדפונקט פון דעם ראזנאטשיניעץ, איז געווארן דער פאלקיזם. ער האט קיינמאל נישט געקאנט, ווי א געזעלשאפטלעכע שטרעמונג, זיך

---

*) ראזנאטשיניעץ: מיט דעם נאמען האט מען אין יענע יארן אנגערופן אין רוסלאנד די אינטעליגענץ, וועלכע האט נישט געשטאמט פון אדל. — רעד.

אפגרענעצן פון ליבעראליזם פון רעכטס און פון אנארכיזם פון לינקס. נאר טשערנישעווסקי, וועלכער האט גלייך נאך הערצענען אנטוויקלט די פאלקיסטישע אנשויונגען, האט געמאכט א ריזיקן שריט פארויס אין פאר־גלייך מיט הערצענען. טשערנישעווסקי איז געווען א פול מער קאנסעק־ווענטער און קעמפערישער דעמאקראט. פון זיינע ווערק ווייעט מיט דעם גייסט פון קלאסנקאמף. ער האט שארף דורכגעפירט יענע ליניע פון דע־מאסקירן די פאראטן פון ליבעראליזם, וועלכע איז נאך ביז היינט פאר־האסט ביי די קאדעטן און ליקווידאטארן. ער איז געווען אן אויסגעצייכנט טיפער קריטיקער פון קאפיטאליזם, נישט געקוקט אויף זיין אוטאפיס־טישן סאציאליזם.

די עפאכע פון די 60־קער יארן קען א גאנצע ריי נישט צענזורירטע דרוקווערק פון קעמפעריש־דעמאקראטישן און אוטאפיש־סאציאליסטישן כאראקטער, וועלכע האבן שוין אנגעהויבן גיין אין די „מאסן". און צווישן די טוער פון דער דאזיקער עפאכע פארנעמען דאס אנגעזעענסטע ארט ד' ארבעטער פיאטר אלעקסעיעוו [3]), סטעפאן כאלטורין א. א. נאר אין אלגעמיינעם שטראם פון פאלקיזם האט דער פראלעטאריש־דעמאקראטי־שער פלוס זיך נישט געקאנט אויסטיילן. זיין אויסטיילן זיך איז געווארן מעגלעך ערשט נאך דעם ווי ס'האט זיך אידעיש באשטימט די ריכטלינגע פון רוסישן מארקסיזם (די גרופן „אסוואבאזשדעניע טרודא" אין יאר 1883 [4]) און עס האט זיך אנגעהויבן א סטאבילע ארבעטער־באוועגונג אין פארבינדונג מיט דער סאציאל־דעמאקראטיע (די פעטערבורגער שטרייקן אין די יארן 1895—96).

...דער גרינדער פון דער סאציאל־דעמאקראטיע אין רוסלאנד איז די גרופע „אסוואבאזשדעניע טרודא", וועלכע איז אנטשטאנען אין אויסלאנד אין יאר 1883. די ליטעראַרישע ארבעטן פון דער דאזיקער גרופע, וועלכע האבן זיך געדרוקט אן צענזור אין אויסלאנד, האבן די ערשטע אנגעהויבן צו רעפערירן סיסטעמאטיש און מיט אלע פראקטישע אויספירן די אי־דייען פון מארקסיזם, וואס בלויז זיי אליין דריקן אויס ריכטיק, לויט דעם, ווי עס האט באוויזן די דערפארונג פון דער גאנצער וועלט, דעם תוך פון דער ארבעטער־באוועגונג און אירע אויפגאבן. אין משך פון 12 יאר, פון 1883 ביז 1895 יאר, איז די אויסגאבע פון דער סאציאל־דעמאקרא־טישער צייטונג „ראבאטשי" אין פעטערבורג אין יאר 1885 געווען כמעט דער איינציקער פרווו צו שאפן א סאציאל־דעמאקראטישע פרעסע אין רוסלאנד, פארשטייט זיך, אן צענזור, אבער פון דער דאזיקער צייטונג זיי־נען דערשינען בלויז צוויי נומערן. דער מאנגל פון א מאסן־ארבעטער־

באוועגונג האט נישט געגעבן די מעגלעכקייט דער ארבעטער־פרעסע ברייט זיך צו אנטוויקלען.

פון יאר 96—1895, פון דער צייט פון די בארימטע פעטערבורגער שטרייקן, הייבט זיך אן א מאסן־ארבעטער־באוועגונג מיטן אנטייל פון דער סאציאל־דעמאקראטיע. נעמלעך די דאזיקע צייט איז אין איינצלנע זין פון ווארט די צייט, ווען עס הייבט אן דערשיינען די ארבעטער־פרעסע אין רוסלאנד.

...די ארבעטער־בלעטלעך צוזאמענגענומען מיט די ס.־ד.־צייטונגען פון יענער צייט —ד. ה. מיט 20 יאר צוריק — זיינען די דירעקטע און אוממיטלבארע פארגייער פון דער איצטיקער ארבעטער־פרעסע: די זעלבע פאבריקס־„אראפרעכענונגען", די זעלבע כראניק פון „עקאנאמישן" קאמף, די זעלבע פרינציפיעלע באלויכטונג פון די אויפגאבן פון דער ארבעטער־באוועגונג פון שטאנדפונקט פון מארקסיזם און קאנסעקווענטן דעמאקראטיזם, — צום סוף, די זעלבע צוויי גרונט־ריכטונגען, די מארקסיסטישע און אפארטוניסטישע, אין דער ארבעטער־באוועגונג.

...די געשיכטע פון דער ארבעטער־פרעסע פאר די צוואנציק יאר, פון 1894 ביז 1914, איז די געשיכטע פון צוויי ריכטונגען אין רוסישן מארקסיזם און אין דער רוסישער (ריכטיקער: רוסלענדישער) סאציאל־דעמאקראטיע. כדי צו פארשטיין די געשיכטע פון דער ארבעטער־פרעסע אין רוסלאנד, דארף מען קענען נישט אזוי, און אפילו נישט אזוי פיל, די נעמען פון פארשידענע פרעסע־ארגאנען, נעמען, וועלכע זאגן גארנישט דעם היינטצייטיקן לייענער און פארטומלען אים בלויז, ווי דעם אינהאלט, כאראקטער, אידעישע ליניע פון די פארשידענע טיילן פון דער סאציאל־דעמאקראטיע.

די הויפט־ארגאנען פון די „עקאנאמיסטן" [5]) זיינען געווען "ראבאטשאיא מיסל" * (1900—1897) און „ראבאטשעיע דיעלא" ** (1901—1898). אין שפיץ פון דער „ראב. דיעלא" זיינען געשטאנען ב. קריטשעווסקי, וועלכער איז שפעטער איבערגעגאנגען צו די סינדיקאליסטן [6]), א. מארטינאוו, אן אנגעזעענער מענשעוויק און איצט א ליקווידאטאר [7]), און אקימאוו, איצט אן אומאפהענגיקער ס.־ד., וועלכער איז אין אלעם וועזנטלעכן איינשטימיק מיט די ליקווידאטארן.

קענען די עקאנאמיסטן האבן צום אנהייב געקעמפט בלויז פלעכאנאוו און די גאנצע גרופע „אסוואבאזשדעניע טרודא" (דער זשורנאל „ראבאט־

*) „ארבעטער־געדאנק".
**) „ארבעטער־זאך". — רעד.

ניל״ א. א. וו.), דערנאָך „איסקראַ״ [9]) (פון 1900 ביז אויגוסט 1903, ביז דעם 2־טן צוזאַמענפאָר פון ר. ס. ד. א. פּ.).

...אַרום דער „איסקראַ״ און אונטער איר אידעישער אָנפירונג איז די אַרבעטער־פּרעסע אויסגעוואָקסן אין די פאָררעוואָלוציאָנערע יאָרן אין ריזיקע מאָסן. די צאָל נישט־צענזורירטע בלעטלעך און נישט דערלויבטע טיפּאָגראַפיעס איז געווען אויסערגעוויינלעך גרויס, און זי איז שנעל גע־וואַקסן אין אַלע עקן פון רוסלאַנד.

דער פולער זיג פון דער „איסקראַ״ איבער דעם „עקאָנאָמיזם״, פון דער פּראָלעטאַריש־קאָנסעקווענטער טאַקטיק איבער דער אָפּאָרטוניסטיש־אינטעליגענטישער אין יאָר 1903, האָט דערפירט צו אַ נייעם צופלוס פון „מיטלויפער״ פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין אירע רייען, און דער אָפּאָרטוניזם האָט אויפגעלעבט אויף דעם באָדן פון דעם „איסקראַ״־יזם, ווי זייַנער אַ טייל, אונטער דער פאָרם פון מענשעוויזם״ [9]).

די אויספּרוּווּנג פון ביידע הויפּט־ריכטונגען אין דער סאָציאַל־דע־מאָקראַטיע און אין דער אַרבעטער־פּרעסע, פון דער מענשעוויסטישער און באָלשעוויסטישער, פון שטאַנדפּונקט פון ווירקלעכן בונד מיט די מאַסן און פון אויסדריקן די טאַקטיק פון די פּראָלעטאַרישע מאַסן, זייַנען גע־ווען די יאָרן פון דער רעוואָלוציע, די יאָרן 7—1905. די אָפּענע ס.־ד. פּרעסע וואָלט נישט געקאָנט אַנטשטיין גלייך אין האַרבסט פון פינפטן יאָר ווען די טעטיקייט פון די פאָרגעשריטענע אַרבעטער, וועלכע איז געווען ענג פאַרבונדן מיט די מאַסן, וואָלט נישט צוגעגרייט דעם באָדן פאַר אַזאַ פּרעסע. און אויב די אָפּענע ס.ד.־פּרעסע סיי פון 5־טן, סיי פון 6־טן, סיי פון 7־טן יאָר איז געווען אַ פּרעסע פון צוויי ריכטונגען און צוויי פּראַק־טיקעס, קאָן עס נישט ווידער אויפגעקלערט ווערן אַנדערש, ווי מיט דעם אונטערשיד צווישן דער קלייַנבירגערלעכער און פּראָלעטאַרישער ליניע אין דער אַרבעטער־באַוועגונג פון יענער עפּאָכע.

די אָפּענע אַרבעטער־פּרעסע איז דערשינען אין אַלע דריי פּעריאָדן פון אויפשטייג און פאַרהעלטנישמעסיקער „פרייהייט״: סיי אין האַרבסט פון יאָר 1905 („נאָוואַיאַ זשיזן״ * פון די באָלשעוויקעס, „נאַטשאַלאָ״ ** פון די מענשעוויקעס — (מיר רופן נאָר אָן די הויפּט־אָרגאַנען צווישן די פילצאָליקע אַנדערע), סיי אין פרילינג 1906 (די „וואָלנאַ״ *** „עכאָ״ א.א.

---

*) „דאָס נייע לעבן״.
**) „דער אָנהייב״.
***) „די כוואַליע״. — רעד.

ביי די באָלשעוויקעס „נאַראָדנאַיאַ דומאַ" א. א. ביי די מענשעוויקעס), ביי אין פרילינג 1907.

...די אַרבעטער־פּרעסע אין רוסלאַנד האָט הינטער זיך כמעט א הונדערט־יעריקע געשיכטע — פריער א צוגרייטנדיקע, ד. ה. די געשיכטע פון דער ניט־אַרבעטנדיקער, נישט פּראָלעטאַרישער, נאָר „אַלגעמיין־דעמאָקראַטישער", ד. ה. בורזשואַז־דעמאָקראַטישער באַפרייערישער באַוועגונג, — און דערנאָך איר אייגענע, צוואַנציקיעריקע געשיכטע פון דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג, פּראָלעטאַרישער דעמאָקראַטיע, אָדער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

אין ערגעץ אויף דער וועלט איז די פּראָלעטאַרישע באַוועגונג נישט געבוירן געוואָרן און נישט געקאָנט געבוירן ווערן „מיטאַמאָל", דערשיינען אויף דער וועלט אין א ריינער קלאַסן־פאָרם, א גרייטע, ווי מינערווא פון קאָפּ פון יופּיטערן. נאָר דורך א לאַנגן קאַמף און דורך שווערער מי פון די סאַמע פאָרגעשריטענע אַרבעטער, פון אַלע באַוווסטזיניקע אַרבעטער, האָט זיך איינגעגעבן אויסצוטיילן און פאַרפעסטיקן די פּראָלעטאַרישע קלאַסן־באַוועגונג פון צווישן אַלערליי קליינבירגערלעכע צומישן, באַגרע־נעצונגען, באַשרענגטקייטן, פאַרקריפּלונגען. דער אַרבעטער־קלאַס לעבט זייט ביי זייט מיט דעם קליינבירגערטום, וואָס, ווערנדיק רוינירט, גיט אַלץ נייע און נייע צוגעקומענע אין די רייען פון פּראָלעטאַריאַט. און רוסלאַנד — איז דאָס צומערסטן קליינבירגערלעכע, צומערסטן מיעשטשאַ־נישע פון אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, וואָס לעבט ערשט איצט איבער יענע עפּאָכע פון בורזשואַזע רעוואָלוציעס, וועלכע איז כאַראַקטעריסטיש למשל, פאַר ענגלאַנד פון 17־טן יאָרהונדערט, און פאַר פראַנקרייך פון 18־טן און פון דער ערשטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט.

דער באַוווסטזיניקער אַרבעטער, קעמפנדיק איצט פאַר דער נאָענטער, בלוטיקער, אייגענער זאַך פון אָנפירן מיט דער אַרבעטער־פּרעסע, פון אויסשטעלן זי, פאַרפעסטיקן און אַנטוויקלען, וועט נישט פאַרגעסן וועגן דער צוואַנציקיעריקער געשיכטע פון מאַרקסיזם און ס.ד.־פּרעסע אין רוס־לאַנד.

שלעכט דינען־צו דער אַרבעטער־באַוועגונג די נערוון־שוואַכע איני־טעליגענטישע פריינד אירע, וועלכע דרייען זיך אַרום פון אינערלעכן קאַמף צווישן דער ס.ד. און פילן אָן די לופט מיט אויסגעשרייען און רופן אים אויסצומיידן. דאָס זיינען גוטע, נאָר פוסטע מענטשן, און פוסטע זיינען זייערע אויסגעשרייען.

בלויז דערלערנענדיק די געשיכטע פון קאמף צווישן מארקסיזם און אפארטוניזם, בלויז באקענענדיק זיך גרינטלעך און גענוי, ווי אזוי עס האט זיך אויסגעטיילט א זעלבסטשטענדיקע פראלעטארישע דעמאקראטיע פון דעם קליינבירגערלעכן געמיש, וועלן די פארגעשריטענע ארבעטער ענד־גילטיק פארפעסטיקן זייער באוווסטזיין און זייער ארבעטער־פרעסע.

„פון דער פארגאנגענהייט פון דער ארבעטער־
פרעסע אין רוסלאנד“ ב. 17, זייט 347—341.

# וועגן דער ריינִיקונג פון דער רוסישער שפראך

## באטראכטונגען אין דער פרייער צייט, ד. ה. אויסהערנדיק רעדעס אויף פארזאמלונגען.

מיר פירן איבער די רוסישע שפראך. אויסלענדישע ווערטער באנוצן מיר אן שום נויטווענדיקייט. מיר באנוצן זיי נישט ריכטיק. צוואס זאגן „דעפעקטן“, ווען מען קאן זאגן פעלערן אדער חסרונות אדער בלויזן?

קלאר, ווען א מענטש, וואס האט זיך נאר וואס אויסגעלערנט צו לייענען בכלל און באזונדערס צו לייענען צייטונגען, הייבט אן געטריי זיי צו לייענען, איינגט ער זיך צו נישט ווילנדיק די צייטונגס־שפראך. אבער טאקע די צייטונגס־שפראך ביי אונדז הייבט אויך אן קאליע צו ווערן. אויב מען קאן נאך מוחל זיין דאס באנוצן זיך מיט אויסלענ־דישע ווערטער, ווי מיט א גרייזעס, אזא איינעם, וואס האט זיך גאר וואס אויסגעלערנט לייענען, קאן מען דאס אבער ליטעראטן נישט מוחל זיין. צי איז שוין נישט צייט, אז מיר זאלן דערקלערן קריג דעם באנוצן זיך מיט אויסלענדישע ווערטער אן שום נויטווענדיקייט?

איך בין זיך מודה, אז אויב מיך רעגט אויף דאס באנוצן זיך מיט אויסלענדישע ווערטער אן שום נויטווענדיקייט (ווייל דאס באשווערט אונ־דזער ווירקונג אויף דער מאסע), זיינען אייניקע פעלערן פון די, וואס שרייבן אין די צייטונגען, שוין גאר אימשטאנד ארויסצופירן פון די כלים. למשל, מען באנוצט דאס ווארט „בודירן“ אין זין פון אויפוועקן, אויפ־רודערן, וועקן. נאר דאס פראנצויזישע ווארט „בודע“ באטייט — בייזערן זיך, „בלאזן זיך“. בודירן באטייט דעריבער אין דער אמתן; „בייזערן זיך“, בלאזן זיך.

איבערנעמען דעם פראנצויזיש־ניזשעגאראדער ווערטער־באנוץ, הייסט איבערנעמען דאס ערגסטע פון די ערגסטע פארשטייער פון רוסישן פרײ־

צישן קלאס, וועלכער האט זיך פראנצויזיש געלערנט, נאר, ערשטנס, זיך נישט דערלערנט און, צווייטנס, פארקריפלט די רוסישע שפראך.

צי איז שוין נישט צייט צו דערקלערן קריג דער פארקריפלונג פון דער רוסישער שפראך?

„וועגן דער רייניקונג פון דער רוסישער שפראך". 1924, באנד 24, זייט 662.

## („מע דארף פאנטאזירן"*)

„מע דארף פאנטאזירן!" איך האב אנגעשריבן די ווערטער און זיך דערשראקן. מיר האט זיך פארגעשטעלט, אז איך זיץ אויף דעם „פאר־אייניקונגס־צוזאמענפאר", קעגן מיר זיצן רעדאקטארן און מיטארבעטער פון „ראבאטשעיע דיעלא". און אט שטייט אויף דער חבר מארטינאוו [10]) און ווענדט זיך צו מיר דראענדיק: דערלויבט אייך צו פרעגן, צי האט נאך אן אוטאנאמע רעדאקציע דאס רעכט צו פאנטאזירן אן א פריערדיקער אנפראגע ביי די קאמיטעטן פון דער פארטיי?" און נאך אים שטייט אויף דער חבר קריטשעווסקי און (פילאזאפיש פארטיפנדיק דעם חבר מארטינאוו, וועלכער האט שוין לאנג פארטיפט דעם חבר פלעכאנאוו) זעצט פאר נאך מער דראענדיק: „איך גיי ווייטער. איך פרעג, צי האט א מארקסיסט בכלל די רעכט צו פאנטאזירן, אויב ער פארגעסט נישט, אז לויט מארקסן שטעלט די מענטשהייט זיך שטענדיק אויפגאבן, וואס לאזן זיך פארווירקלעכן, און די טאקטיק איז א פראצעס פון וווקס פון די אויפגאבן, וועלכע וואקסן צוזאמען מיט דער פארטיי?".

פון דעם בלויזן געדאנק וועגן די דאזיקע דראענדיקע פראגן גייט דורך א פראסט איבער מיין לייב, און איך קלער נאר — ווו זאל איך זיך אויסבאהאלטן. איך וועל פרווון זיך אויסבאהאלטן הינטער פיסארעוון [11]).

„צווישן איין נישט־איינשטימיקייט און א צווייטער איז פאראן אן אונטערשייד — האט פיסארעוו געשריבן אין צוזאמענהאנג מיט דער פראגע וועגן דער נישט־איינשטימיקייט צווישן פאנטאזיע און ווירקלעכקייט. — מיין פאנטאזיע קאן אריבעריאגן דעם נאטירלעכן גאנג פון די געשעענישן, אדער זי קאן אוועקגיין פולשטענדיק אין א זייט, אהין, ווו

*) די קעפלעך, וועלכע זיינען איינגעשלאסן אין קלאמערן, געהערן נישט צו לענינען. — רעד.

קיין שום נאטירלעכער גאנג פון געשעענישן קאן קיינמאל נישט קומען. אין ערשטן פאל ברענגט די פאנטאזיע קיין שום שאדן נישט; זי קאן אפילו אונטערהאלטן און פארשטארקן די ענערגיע פון ארבעטנדיקן מענטשן... אין עלכע פאנטאזיעס איז גארנישט פאראן אזעלכס, וואס זאל פארקריפלען אדער פאראליזירן די ארבעטער־קראפט. אפילו גאר פארקערט. ווען דער מענטש וואלט אינגאנצן נישט פארמאגט די פעיקייט צו פאנטאזירן אויף אזא אופן, ווען ער וואלט נישט געקאנט פון צייט צו צייט פארלויפן פאראויס און דערזען אין זיין פארשטעלונג אין א פארגאנצט און פארענדיקט בילד דאס זעלבע ווערק, וואס האט זיך נאר וואס אנגעהויבן שאפן אין זיינע הענט — דעמלט קאן איך מיר אבסאלוט נישט פארשטעלן, וועלכע אנרעגנדיקע סיבה וואלט געצוווּנגען דעם מענטשן אונטערצונעמען און דורכפירן ביזן סוף גרויסע אויסמאטערנדיקע ארבעטן אויף דעם געביט פון קונסט, וויסנשאפט און פראקטישן לעבן... די נישט־איינשטימיקייט צווישן דער פאנטאזיע און דערווירקלעכקייט ברענגט נישט קיין שום שאדן, אויב די פאנטאזירנדיקע פערזענלעכקייט גלייבט ערנסט אין איר פאנטאזיע, קוקט זיך צו אויפמערקזאם צום לעבן, פארגלייכט אירע באאבאכטונגען מיט אירע לופט־שלעסער און ארבעט, בכלל, געוויסנהאפט איבער דער פארווירקלעכונג פון איר פאנטאזיע. אויב עס איז פאראן א וועלכע ס'איז בארירונג צווישן דער פאנטאזיע און דעם לעבן, דעמלט איז אלץ אין ארדענונג.

אט אזעלכע ארט פאנטאזיעס זיינען, צום אומגליק, זייער ווייניק פאראן אין אונדזער באוועגונג. און שולדיק אין דעם זיינען מער פון אלץ די פארשטייער פון דער לעגאלער קריטיק און אומלעגאלן „עקיזם“ (כוואסטיזם), וועלכע גרויסן זיך מיט זייער ניכטערקייט, מיט זייער „נאענטקייט“ צום „קאנקרעטן“.

(„וואס דארף מען טאן“, 1902, באנד 4, זייט 492—93).

# לענין וועגן די קלאַסיקער פון דער רוסישער ליטעראַטור

## דעם אָנדענק פון הערצענען

עס זיינען פאַריבער הונדערט יאָר פון דעם געבוירן־טאָג פון הערצענען. עס פייערט איצט דאָס גאַנצע ליבעראַלע רוסלאַנד, אייפעריק אויסמיידנדיק די ערנסטע פראַגן וועגן סאָציאַליזם, פלייסיק פאַרדעקנדיק, מיט וואָס עס האָט זיך אונטערגעשיידט דער רעוואָלוציאָנער הערצען פון דעם ליבעראַל. עס דערמאָנט הערצענען אויך די רעכטע פרעסע, פאַרזיכערנדיק פאַלש, אַז הערצען האָט זיך צום סוף פון זיין לעבן אָפּגעזאָגט פון דער רעוואָלוציע. און אין די אויסלענדישע ליבעראַלע און פאָלקיסטישע רעדעס וועגן הערצענען הערשן בלויז פראַזעס און פראַזעס.

די אַרבעטער־פּאַרטיי דאַרף דערמאָנען הערצענען נישט צוליב באַלעבאַטישער שיינרעדעריי, נאָר כדי אויסצוקלאָרן אירע אויפגאַבן, כדי אויסצוקלאָרן דאָס ריכטיקע היסטאָרישע אָרט פון שרייבער, וועלכער האָט אָפּגעשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דער צוגרייטונג פון דער רוסישער רעוואָלוציע.

הערצען האָט געהערט צו דעם דור אַדעליקע, פּריצישע רעוואָלוציאָנערן פון דער ערשטער העלפט פון פאַריקן יאָרהונדערט. דער אַדל האָט געגעבן רוסלאַנד די ביראָנס [12]) און אַראַקטשעיעווס [13]), אַן אומענדלעכע צאָל „שיכורע אָפיצירן, יאַבעדניקעס, קאָרטן־שפּילער, יאַריד־העלדן, הינט־שלעגער, שמייסער און שטאַלמייסטער“, ווי אויך שיינגייסטער ווי די מאַנילאָווס*. „און צווישן זיי, האָט געשריבן הערצען, האָבן זיך אויסגעבילדעט מענטשן פון 14־טן דעצעמבער, [14]) אַ שורה העלדן, אויס־

---

*) אַ העלד פון גאָגאָלס „טויטע נפשות“, וועלכער איז פול מיט גוטע ווינטשן און סענטימענטאַלע פאַנטאַזיעס, נאָר וואָס באַזיצט אינגאַנצן נישט קיין ווילן און אַרבעטס-פעיקייט. — רעד.

געהאָדעוועטע, ווי ראָמול און רעם, מיט דער מילך פון א ווילדער חיה... דאָס זיינען העלדן אויסגעשמידטע פון ריינעם שטאָל פון קאָפּ ביז די פיס, מסירת־נפשדיקע זעלנער, וועלכע זיינען ארויסגעגאנגען באוווסטזיניק אויף א זיכערן אומקום, כדי אויפצוּוועקן דעם יונגן דור צו א נײַ לעבן און לײַטערן די קינדער, וועלכע זיינען געבוירן געוואָרן אין דער סביבה פון תלינים און אונטערלעקער".

צו דער צאָל פון אזעלכע קינדער האָט געהערט הערצען. דער אויפשטאַנד פון די דעקאַבריסטן האָט אים אויפגעוועקט און „געלייטערט". אין דעם לייבאייגנטימערישן רוסלאַנד פון די 40־קער יאָרן פון 19־טן יאָרהונדערט האָט ער באוויזן זיך אויפצוהייבן צו אזא הייך, אז ער האָט זיך נעקאָנט פארגלייכן מיט די גרעסטע דענקער פון זיין צייט. ער האָט זיך צונעאייגנט די דיאַלעקטיק פון העגעלן[15]). ער האָט פארשטאַנען, אז זי שטעלט פאָר מיט זיך „די אַלגעברע פון דער רעוואָלוציע". ער איז אוועק ווייטער פון העגעלן, צום מאַטעריאַליזם, גלייך נאָך פייערבאַכן.[16]) דער ערשטער פון די „בריוו וועגן דערלערנען די נאַטור" — „עמפּיריע און אידעאַליזם" — וועלכער איז אָנגעשריבן געוואָרן אין יאָר 1844, ווייזט אונדז א דענקער, וואָס איז, אפילו איצט, מיט א קאָפּ העכער פון אַן א שיעור היינטצייטיקע נאַטורוויסנשאַפטלער — עמפּיריקער און פון אַן אומענדלעכער צאָל היינטצייטיקע פילאָזאָפן, אידעאַליסטן און האַלב־אידעאַליסטן. הערצען איז צוגעגאַנגען גאָר נאָענט צום דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם און זיך אָפּגעשטעלט פאַר דעם — היסטאָרישן מאַטעריאַליזם.

דער דאָזיקער „אָפּשטעל" האָט ארויסגערופן דעם גייסטיקן צוזאַמענברוך פון הערצענען נאָך דעם דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע אין יאָר 1848. הערצען האָט שוין געהאַט פאַרלאָזט רוסלאַנד און זיך צוגעקוקט צו דער דאָזיקער רעוואָלוציע אוממיטלבאַר. ער איז דעמלט געווען א דעמאָקראַט, א רעוואָלוציאָנער, א סאָציאַליסט. נאָר זיין „סאָציאַליזם" האָט געהערט צו דער צאָל פון יענע אומצאָליקע פאָרמען און פארשידנאַרטיקייטן פון בורזשואזן און קליינבירגערלעכן סאָציאַליזם אין דער עפּאָכע פון די 48־ער יאָרן, וועלכע זיינען געוואָרן ענדגילטיק אָפּגעטייט דורך די יוני־טעג[17]). אין דער ווירקלעכקייט, איז דאָס אינגאַנצן קיין סאָציאַליזם נישט געווען, נאָר א שיינגייסטיקע פראַזע, א גוטער טרוים, אין וועלכן עס האָט איינגעהילט איר דעמלטיקע רעוואָלוציאָנערישקייט די בורזשואזע דעמאָקראַטיע, ווי אויך דער פּראָלעטאַריאַט, וועלכער האָט זיך נישט באַפרייט פון איר ווירקונג.

דער גייסטיקער צוזאַמענברוך פון הערצענען, זיין טיפער סקעפּטיציזם און פּעסימיזם נאָך דעם 1848־טן יאָר, איז געווען דער צוזאַמענברוך פון די בורזשואַזע אילוזיעס אין סאָציאַליזם. די גייסטיקע דראַמע פון הערצענען איז געווען א רעזולטאַט און אָפּשפּיגלונג פון יענער אַלוועלטלעך־געשיכטלעכער עפּאָכע, ווען די רעוואָלוציאָנערישקייט פון די בורזשואַזע דעמאָקראַטן איז שוין אָפּגעשטאָרבן (אין איראָפּע), און די רעוואָלוציאָנערישקייט פון סאָציאַליסטישן פּראָלעטאַריאַט איז נאָך נישט ריף געוואָרן. דאָס האָבן נישט פאַרשטאַנען און נישט געקאָנט פאַרשטיין די ריטערס פון די ליבעראַלע רוסישע פּלוידער־זעק, וועלכע פאַרדעקן איצט זייער קאָנטררעוואָלוציאָנערישקייט מיט בלומיקע פראַזן וועגן דעם סקעפּטיציזם פון הערצענען. ביי די דאָזיקע ריטערס, וועלכע האָבן פאַרקויפט די רוסישע רעוואָלוציע פון יאָר 1905, וועלכע האָבן פאַרגעסן אפילו צו טראַכטן וועגן דעם גרויסן באַרוף פון א רעוואָלוציאָנער, איז דער סקעפּטיציזם אן איבערגאַנגס־פאָרם פון דעמאָקראַטיע צו ליבעראַליזם, — צו דעם אונטערלעקנדיקן, נידערטרעכטיקן, ברודיקן און חיהשן ליבעראַליזם, וועלכער האָט צעשאָסן די אַרבעטער אין 48־סטן יאָר, וועלכער האָט צוריק אויפגעשטעלט צעשטערטע טראָנען, וועלכער האָט אַפּלאָדירט נאַפּאָלעאָנען דעם 3־טן און וועלכן הערצען האָט פאַרשאָלטן, נישט קאָנענדיק פאַרשטיין זיין קלאַסן־נאַטור.

ביי הערצענען איז דער סקעפּטיציזם געווען אן איבערגאַנגס־פאָרם פון די אילוזיעס פון אן „איבערקלאַסעווען" בורזשואַזן דעמאָקראַטיזם צום שטרענגען, אומפאַרהערדיקן, אומבאַזיגבאַרן קלאַסן־קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט. א באַווייז: די „בריוו צו אן אַלטן חבר", צו באַקונינען,[18] אָנגעשריבענע אין א יאָר פאַר הערצענס טויט, אין 1869. הערצען רייסט איבער מיט דעם אַנאַרכיסט באַקונין. אמת, הערצען זעט נאָר אין דעם איבעררייס מיינונגס־פאַרשידנהייטן אין דער טאַקטיק, און נישט קיין אָפּגרונט צווישן א וועלטאַנשויונג פון א פּראָלעטאַריער, וועלכער איז זיכער אין דעם זיג פון זיין קלאַס, און א קליינבירגער, וועלכער האָט זיך מייאש געווען פון זיין רעטונג. אמת, הערצען חזרט נאָך איבער אויך דאָ די אַלטע בורזשואַז־דעמאָקראַטישע פראַזן, אַז דער סאָציאַליזם דאַרף כלומרשט אַרויסטרעטן מיט „א פּראָפּאַגאַנדע, וועלכע זאָל זיין געווענדט אין דער זעלבער מאָס צום אַרבעטער און באַלעבאָס, צום פּויער און שטאָטישן איינוווינער". נאָר פונדעסטוועגן, איבעררייסנדיק מיט באַקונינען, האָט הערצען געווענדעט זיינע בליקן נישט צום ליבעראַליזם, נאָר צום אינטערנאַציאָנאַל, צו דעם אינטערנאַציאָנאַל, מיט וועלכן עס האָט אָנגעפירט

מאַרקס, — צו דעם אינטערנאַציאָנאַל, וועלכער האָט אָנגעהויבן „צונויפנעמען די פֿאָלקן" פֿון פּראָלעטאַריאַט, פֿאַראייניקן „די אַרבעטער־וועלט", וועלכע פֿאַרלאָזט די וועלט פֿון די, וואָס געניסן נישט־אַרבעטנדיק"!

---

נישט פֿאַרשטייענדיק דעם בורזשואַזנדעמאָקראַטישן תוך פֿון דער גאַנצער באַוועגונג פֿון 1848 יאָר און פֿון אַלע פֿאָרמען פֿון דעם ביז מאַרקסיסטישן סאָציאַליזם, האָט הערצען נאָך מער נישט געקאָנט פֿאַרשטיין דעם בורזשואַזן כאַראַקטער פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע. הערצען איז דער גרונטלייגער פֿון „רוסישן" סאָציאַליזם, פֿון „פֿאָלקיזם". הערצען האָט געזען דעם „סאָציאַליזם" אין דעם באַפֿרייען די פּויערים פֿון ליבאייגנטום, באַטייליקנדיק זיי מיט ערד, אין קהלשן ערד־באַזיץ און אין דער פּויערישער אידיי פֿון „רעכט אויף ערד". זיינע באַליבטע געדאַנקען אויף דער דאָזיקער טעמע האָט ער אַנטוויקלט אומצאָליקע מאָל.

אין דער אמתן איז אין דער דאָזיקער לערע פֿון הערצענען, ווי אין גאַנצן רוסישן פֿאָלקיזם — ביז דעם אָפּגעבליאַקעוועטן פֿאָלקיזם פֿון די איצטיקע סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן — נישטאָ קיין איין גראַם סאָציאַליזם. דאָס איז אַזאַ שיינרעדערישע פֿראַזע, אַזאַ גוטער טרוים, וועלכער הילט איין די רעוואָלוציאָנערישקייט פֿון דער בורזשואַזפּויערישער דעמאָקראַטיע אין רוסלאַנד, פּונקט ווי די פֿאַרשידענע פֿאָרמען פֿון „סאָציאַליזם פֿון דעם 48 יאָר" אויף מערב. וואָס מער ערד עס וואָלטן באַקומען די פּויערים אין יאָר 1861. און וואָס ביליקער זיי וואָלטן זי באַקומען, אַלץ שטאַרקער וואָלט אונטערגעריסן געוואָרן די מאַכט פֿון די ליבאייגנטימערישע פּריצים, אַלץ שנעלער, פֿרייער און ברייטער וואָלט געגאַנגען די אַנטוויקלונג פֿון קאַפּיטאַליזם אין רוסלאַנד. די אידיי וועגן „רעכט אויף ערד" און „אויסגלייכנדיקן פֿאַנאַנדערטייל פֿון דער ערד" איז נישט עפּעס אַנדערש, ווי די פֿאָרמולירונג פֿון די רעוואָלוציאָנערע שטרעבונגען צו גלייכהייט מצד די פּויערים, וועלכע קעמפֿן פֿאַר דעם פֿולשטענדיקן אַראָפּוואַרפֿן די פּריצישע מאַכט, פֿאַר דער פֿולשטענדיקער ליקווידאַציע פֿון פּריצישן ערד־באַזיץ.

די רעוואָלוציע פֿון 1905 האָט דאָס פֿולשטענדיק באַוויזן: פֿון איין זייט, איז דער פּראָלעטאַריאַט אַרויסגעטרעטן פֿולקאָם זעלבסשטענדיק אין דער שפּיץ פֿון רעוואָלוציאָנערן קאַמף, שאַפֿנדיק אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־פּאַרטיי; פֿון דער צווייטער זייט, האָבן די רעוואָלוציאָנערע פּויערים (די „טרודאָוויקעס" און דער „פּויערים־פֿאַרבאַנד"), קעמפֿנדיק פֿאַר אַלערליי פֿאָרמען פֿון ליקווידירן דעם פּריצישן ערד־באַ־

זיך ביז דער „ליקווידאציע פון פריוואט־אייגנטום אויף ערד", פאקטיש געקעמפט ווי באלעבאטים, ווי קליינע אונטערנעמער.

אין איצטיקן מאמענט דינט די דיסקוסיע וועגן דער „סאציאליסטישקייט" פון דעם רעכט אויף ערד און ד. גל. בלויז צו פארטונקלען און פארדעקן די ווירקלעך וויכטיקע און ערנסטע היסטארישע פראגע: וועגן דעם אונטערשיד פון די אינטערעסן פון דער ליבעראלער בורזשואזיע און רעוואלוציאנערן פויערטום אין דער רוסישער בורזשואזער רעוואלוציע; אנדערש געזאגט, וועגן דער ליבעראלער און דעמאקראטישער, וועגן דער „פשרהדיקער" (מאנארכיסטישער) און רעפובליקאנישער טענדענץ אין דער רעוואלוציע. די דאזיקע פראגע איז פאקטיש אוועקגעשטעלט געווארן דורך דעם „קאלאקאל" פון הערצענען, אויב קוקן אויף דעם תוך פון דער זאך, און נישט אויף פראזן, — אויב אויספארשן דעם קלאסן־קאמף ווי דעם יסוד פון „טעאריעס" און לערעס, און נישט פארקערט.

הערצען האט געשאפן די פרייע רוסישע פרעסע אין אויסלאנד — אין דעם באשטייט זיין גרויס פארדינסט. „די פאלארנאיא זוויעזדא"*) האט ארויסגעהויבן די טראדיציע פון די דעקאבריסטן. דער „קאלאקאל" (1857—1867) איז געשטאנען שטאל און אייזן פאר דער באפרייונג פון די פויערים, דאס קנעכטישע שווייגן איז געווארן צעשטערט.

אבער הערצען האט געהערט צו דער פריצישער, מאגנאטישער סביבה. ער האט פארלאזט רוסלאנד אין 1847 יאר. ער האט נישט געזען דאס רעוואלוציאנערע פאלק און נישט געקאנט גלייבן אין אים. פונדאנען שטאמט זיין ליבעראלע אפעלאציע צו די „שפיצן". פונדאנען זיינע אומצאליקע זיסלעכע בריוו אין „קאלאקאל" צו אלעקסאנדער דעם 2־טן, דעם הענקער, וועלכע ס'איז שווער איצט צו לייענען אן ווידערווילן. טשערנישעווסקי, דאבראליובאוו,[19]) סיערנא־סאלאוויאוויטש, וועלכע האבן פארגעשטעלט מיט זיך דעם נייעם דור רעוואלוציאנערן ־ ראזנאטשינצעס, זיינען געווען טויזנט מאל גערעכט, ווען זיי האבן פארגעווארפן הערצענען דעם דאזיקן צוריקגאנג פון דעמאקראטיזם צו ליבעראליזם. דאך, דעם אמת דארף מען זאגן, אז ביי אלע וואקלונגען פון הערצענען צווישן דעמאקראטיזם און ליבעראליזם, האט דער דעמאקראט דאך גענומען ביי אים די אויבערהאנט.

ווען איינער פון די עקלהאפטסטע טיפן פון דער ליבעראלער באמסטווע, קאוועלין, וועלכער האט זיך פריער אנטציקט מיטן „קאלאקאל"

*) דער פאליאר-שטערן. — רעד.

טאקע פאר זיינע ליבעראלע טענדענצן, איז ארויסגעטרעטן קעגן דער קאנסטיטוציע, אנגעפאלן אויף דער רעוואלוציאנערער אגיטאציע, ארויסגעטרעטן קעגן „געוואלד" און קעגן דעם רופן צו אים, האט אנגעהויבן פרעדיקן געדולד — האט הערצען איבערגעריסן מיט דעם דאזיקן ליבעראלן חכם. הערצען האט אים געזידלט פאר זיין „מאגערן, זינלאזן און שעדלעכן פאמפלעט", וועלכער איז אנגעשריבן געווארן ווי „א געהיימער דירעקטיוו פאר דער ליבעראליזירנדיקער רעגירונג", פאר זיינע „פאליטישע סענטימענטאלע טענדענצן", וועלכע שטעלן פאר „דאס רוסישע פאלק ווי בהמות, און די רעגירונג ווי א חכמה". דער „קאלאקאל" האט אפגעדרוקט אן ארטיקל „א הספד", אין וועלכן ער האט געשמיסן די „פראפעסארן", וועלכע וועבן דאס פארפוילטע שפינוועבס פון זייערע גאווהדיק פיטשער מאנטשיקע אידייעלעך, די עקס־פראפעסארן, וועלכע זיינען אמאל געווען פשוט און דערנאך פארביטערט געווארן, זעענדיק, ווי די געזונטע יוגנט איז נישט אומשטאנד מיטצופילן זייער ראכיטישן געדאנק".

קאוועלין האט זיך גלייך דערקענט אין דעם דאזיקן פארטרעט.

ווען טשערנישעווסקי איז געווען ארעסטירט, האט דער געמיינער ליבעראל קאוועלין געשריבן: „די ארעסטן זעען מיר נישט אויס אויפרעגנדיק... די רעוואלוציאנערע פארטיי האלט אלע מיטלען פאר גוט, כדי אראפצווארפן די רעגירונג, און די רעגירונג שיצט זיך מיט אירע מיטלען". און הערצען האט ריכטיק געענטפערט דעם דאזיקן קאדעט, רעדנדיק וועגן דעם געריכט איבער טשערנישעווסקין: און דא זאגן נעבעכדיקע מענטשן, מענטשן, ווי גראז, מענטשן — ווערעם, אז מע דארף נישט זידלען די שייקע פון מערדער און לייראקעס, וועלכע פירט אן מיט אונדז.

ווען דער ליבעראל טורגעניעוו האט אנגעשריבן א פריוואטן בריוו צו אלעקסאנדער דעם 2־טן, פארזיכערנדיק אים אין זיינע געפילן פון א טרייען אונטערטאן און מנדב געווען צוויי גאלדשטיק פאר די סאלדאטן, וועלכע זיינען פארוואונדעט געווארן ביים איינשטעלן דעם פוילישן אויפשטאנד, האט דער „קאלאקאל" געשריבן וועגן דער „גרוי־האריקער מאגדאלענע (פון מענלעכן געשלעכט), וועלכע האט אנגעשריבן צום צאר, „אז זי ווייסט נישט פון קיין שלאף, מאטערנדיק זיך, וואס דער צאר ווייסט נישט וועגן איר חרטה", און טורגעניעוו האט זיך גלייך דערקענט.

ווען די גאנצע באנדע רוסישע ליבעראלן האט זיך אפגעשאקלט פון הערצענען פאר זיין פארטיידיקן פוילן, ווען די גאנצע „געבילדעטע געזעלשאפט" האט זיך אפגעקערט פון „קאלאקאל", האט זיך הערצען נישט פארלוירן. ער האט ווייטער פארגעזעצט צו פארטיידיקן די פריי־

הייט פון פוילן און געשמיסן די פּאָגראָמשטשיקעס, הענקער און תּליינים פון אַלעקסאַנדער דעם 2־טן. הערצען האָט געראַטעוועט די עהרע פון דער רוסישער דעמאָקראַטיע. „מיר האָבן געראַטעוועט דעם כּבוד פון רוסישן נאָמען — האָט ער געשריבן צו טורגעניעוון — און דערפאַר האָבן מיר געליטן פון דער קנעכטישער מערהייט".

ווען עס האָט זיך באַקומען די ידיעה, אַז אַ לייבאייגענער פּויער האָט דערהרגעט דעם פּריץ פאַר זיין פּרווו צו שענדן די עהרע פון זיין כּלה, האָט הערצען געשריבן אין „קאָלאָקאָל": „און ער האָט פּרעכטיק געטאָן". ווען מען האָט געמאָלדן, אַז מע באַשטימט מיליטערישע נאַטשאַלניקעס פאַר אַ „רויקער" „באַפרייונג", האָט הערצען געשריבן, „דער ערשטער קלוגער פּאָלקאָווניק, וועלכער וועט מיט זיין אָפּטיילונג צושטיין צו די פּויערים, אַנשטאָט זיי צו שטיקן, וועט פאַרנעמען דעם טראָן פון די ראָמאַנאָווס". ווען אין וואַרשע האָט זיך דערשאָסן דער פּאָלקאָווניק רייטערן (1860), כּדי נישט צו זיין קיין מיטהעלפער פון הענקער, האָט הערצען געשריבן: „אויב שיסן, דאַן דאַרף מען צעשיסן די גענעראַלן, וועלכע הייסן שיסן צו אומבאַוואָפנטע". ווען מען האָט דערהרגעט 50 פּויערים אין בעזדנע און אומגעבראַכט זייער פירער אַנטאָן פּעטראָוו (דעם 12־טן אַפּריל 1861 יאָר), האָט הערצען געשריבן אין „קאָלאָקאָל":

„אָ, ווען מיינע ווערטער זאָלן קאָנען דערגיין צו דיר, אַרבעטער און מאַרטירער פון דער רוסישער ערד!... ווי וואָלט איך דיך אויסגעלערנט צו פאַראַכטן דיינע גייסטיקע פּאַסטעכער, וועלכע עס האָבן אָוועקגעשטעלט איבער דיר דער פּעטערסבורגער סינאָד מיטן דייטשן צאַר... דו האָסט דעם פּריץ, דו האָסט דעם קאַנצעליאַריסט, דו האָסט פאַר זיי מורא — און דו ביסט פאָלקאָם גערעכט; נאָר דו גלייבסט נאָך אין צאַר און אַרכיערייי... גלויב זיי נישט. דער צאַר איז מיט זיי, און זיי זיינען זיינע. אים זעסטו איצט, דו, פאָטער פון דערהרגעטן יונגטלעכן אין בעזדנע, דו, זון פון דערהרגעטן פאָטער אין פּענזע... דיינע פּאַסטעכער זיינען אַזעלכע פינצטערע, ווי דו, אַזעלכע נעבעכדיקע, ווי דו... אַזאַ איז געווען דער מאָנאַך אַנטאָני, וועלכער האָט געליטן פאַר דיר אין קאַזאַן (נישט דער יעפּיסקאָפּ אַנטאָני, נאָר אַנטאָני פון בעזדנע)... די קערפּער פון דיינע הייליקע וועלן נישט שאַפן קיין אַכט און פערציק וואונדער, די תּפילה צו זיי וועט קיין ציינווייטיק נישט אויסהיילן; נאָר דער לעבעדיקער אָנדענק וועגן זיי קאָן שאַפן איין וואונדער — דיין באַפרייונג".

פונדאַנען איז צו זען, ווי ניִדערטרעכטיק און געמיין עס באַרעדן הערצענען אונדזערע ליבעראַלן, וועלכע האָבן זיך באַזעצט אין דער קנעכטישער „לעגאַלער" פּרעסע, אַרויסהייבנדיק הערצענס שוואַכע זייטן, און

פארשווייגנדיק זיינע שטארקע. דאָס, וואָס הערצען האָט נישט געקאָנט זען דאָס רעוואָלוציאָנערע פאָלק אין רוסלאנד גופא אין די 40־ער יאָרן, איז נישט זיין שולד, נאָר זיין אומגליק. ווען ער האָט עס דערזען אין די 60־ער — האָט ער אומדערשראָקן זיך געשטעלט אויף דער זייט פון דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע, קעגן ליבעראַליזם. ער האָט געקעמפט פאר דעם זיג פון פאָלק איבערן צאַריזם און נישט פאר קיין פשרה פון דער ליבעראַלער בורזשואַזיע מיט דעם פריצישן צאר. ער האָט אויפגעהויבן די פאָן פון דער רעוואָלוציע.

פייערנדיק דעם אָנדענק פון הערצענען, זעען מיר קלאָר דריי דורות, דריי קלאסן, וועלכע האָבן געווירקט אין דער רוסישער רעוואָלוציע. אין אָנהייב — דער אדל און די פריצים, די דעקאבריסטן און הערצען. שמאָל איז דער קרייז פון די דאָזיקע רעוואָלוציאָנערן. זיי זיינען שרעקלעך ווייט פון פאָלק. נאָר זייער זאך איז נישט געגאנגען פארלוירן. די דעקאבריסטן האָבן דערוועקט הערצענען. הערצען האָט פאנאנדערגעוויקלט א רעוואָלוציאָנערע אגיטאציע.

עס האָבן זי אונטערגעכאפט, אויסגעבריטערט, פארפעסטיקט און פארהארטעוועט די רעוואָלוציאָנערע „ראַזנאָטשינצעס", אָנהייבנדיק פון טשערנישעווסקין און ענדיקנדיק מיט די העלדן פון „נאַראָדנאַיא וואָליא". דער קרייז פון די קעמפער האָט זיך אויסגעבריטערט, זייער באַהעפטן מיטן פאָלק איז געוואָרן נענטער. „די יונגע שטורמער פון דעם צוקונפטיקן שטורעם" — האָט זיי אָנגערופן הערצען. אָבער דאָס איז נאָך נישט געווען דער עצם־שטורעם. דער שטורעם — דאָס איז די באַוועגונג פון דער מאַסע גופא. דער פּראָלעטאַריאַט, דער איינציק־קאָנסעקווענטער רעוואָלוציאָנערער קלאס, האָט זיך אוועקגעשטעלט אין זייער שפּיץ און צום ערשטן מאָל אויפגעהויבן צו אן אָפענעם, רעוואָלוציאָנערן קאמף מיליאָנען פויערים.

דער ערשטער אָנגריף פון שטורעם איז געווען אין יאָר 1905. דער צווייטער הייבט אָן וואַקסן פאר אונדזערע אויגן.

פייערנדיק דעם אָנדענק פון הערצענען, לערנט זיך דער פּראָלעטאַריאַט אויף זיין ביישפּיל די גרויסע באַדייטונג פון דער רעוואָלוציאָנערער טעאָריע; — לערנט זיך פארשטיין, אז אומבאַגרענעצטע איבערגעגעבנקייט דער רעוואָלוציע און רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע, געווענדט צום פאָלק, גייען נישט פארלוירן אפילו דעמלט, ווען גאנצע צענדליקער יאָרן טיילן אָפּ דעם פארזיי פון שניט — לערנט זיך צו באַשטימען די

ראָל פון פארשידענע קלאסן אין דער רוסישער און אינטערנאציאָנאלער רעוואָלוציע. באַרייכערט מיט די דאָזיקע לעקציעס, וועט דער פּראָלע־טאַריאַט זיך דורכשלאָגן א וועג צו א פרייען פאַרבאַנד מיט די סאָציא־ליסטישע ארבעטער פון אלע לענדער, דערהדריקנדיק די דאָזיקע מיאוס־קייט, די צארישע מאָנאַרכיע, קעגן וועלכער הערצען האָט דער ערשטער אויפגעהויבן די גרויסע פאָן פון קאַמף דורך ווענדן זיך צו די מאסן מיט דעם פרייען רוסישן וואָרט.

(צום אָנדענק פון הערצענען 1912).
(באַנד 15, זייט 69—464).

## וועגן ביעלינסקין

### פון דעם ארטיקל „וועגן „וויעכי“.[20]

די ענציקלאָפּעדיע פון דער ליבעראַלער רענעגאַטישקייט נעמט ארום דריי גרונט־טעמעס: 1) דער קאַמף מיט די אידעיִשע יסודות פון דער גאַנצער וועלט־אָנשויונג פון דער רוסישער (און אינטערנאַציאָנאַלער) דעמאָקראַטיע; 2) דאָס אָפּזאָגן זיך פון דער באַפרייערישער באַוועגונג פון דער נישט ווייטער צייט און דאָס באַשמוצן זי; 3) דאָס פּראָקלאַמירן אָפן די אייגענע לאָקייאישע געפילן (און אַנטשפּרעכנדיקע „לאָקייאישע פּאָ־ליטיק) אין באַצוג צו דער אָקטיאַבערישער[21] בורזשואַזיע, אין באַצוג צו דער אַלטער מאַכט, אין באַצוג צום גאַנצן אַלטן רוסלאַנד בכלל.

די אויטאָרן פון די „וויעכי“ הייבן אָן פון די פילאָזאָפישע יסודות פון דער „אינטעליגענטישער“ וועלט־אָנשויונג. ווי א רויטער פאָדעם גייט אדורך דורכן גאַנצן בוך אַן אַנטשיידענער קאַמף מיטן מאַטעריאַליזם, וועלכן זיי טיטולירן נישט אַנדערש, ווי דאָגמאַטיזם, מעטאַפיזיק, „די סאַמע עלעמענטאַרסטע און נידעריקסטע פאָרם פון פילאָזאָפירן“ (זייט 4 — אלע אָפּשיקונגען באַציען זיך צו דער ערשטער אויפלאַגע פון די „וויעכי“). דער פּאָזיטיוויזם ווערט פאַראורטיילט דערפאַר, ווייל ער איז געווען „פאַר אונדז“ (ד. ה. פאַר דער רוסישער אינטעליגענץ, וועלכע ווערט דורך די „וויעכי“ צו נישט געמאַכט) דאָס זעלבע, וואָס די מאַ־טעריאַליסטישע מעטאַפיזיק“... אָדער ער איז אויסגעטייטשט געוואָרן „אויסשליסלעך אין גייסט פון מאַטעריאַליזם (15), אין דער צייט, ווען — „קיין איין מיסטיקער, קיין איין גלויביקער קאָן נישט פאַרלייקע־נען דעם „וויסנשאַפטלעכן“ פּאָזיטיוויזם און די בילדונג“ (11). אָן שפּאַס! „די שנאה צו אידעאַליסטישע און רעליגיעז־מיסטישע טענדענצן“

(60) — אַט פאַרוואָס די „וויעכי" פאַלן אָן אויף דער „אינטעליגענץ". „יורקעוויטש איז יעדנפאַלס געווען אן אמתער פילאָזאָף אין פאַרגלייך מיט טשערנישעווסקין" (4).

ס'איז גאַנץ נאַטירלעך, וואָס שטייענדיק אויף דעם שטאַנדפּונקט, האַלטן די „וויעכי" אין איין צעקלאַפּן דעם אַטעיזם פון דער „אינטעליגענץ" און שטרעבן מיט דער גאַנצער אַנטשלאָסנקייט און אין דער פולער מאָס רעסטאַווּרירן די רעליגיעזע וועלטאָנשויונג. ס'איז גאַנץ נאַטירלעך, וואָס מאַכנדיק צו נישט טשערנישעווסקין אַלס פילאָזאָף, מאַכן די „וויעכי" צו נישט ביעלינסקין, ווי אַ פּובליציסט. ביעלינסקי, דאָבראָליובאָוו, טשערנישעווסקי — זיינען די פירער פון די „אינטעליגענטן" (134, 56, 37, 17). טשאַדאַיעוו, וולאַדימיר סאָלאָוויאָוו, דאָסטאָיעווסקי, זיינען אין גאַנצן נישט קיין „אינטעליגענטן". די ערשטע זיינען די פירער פון א ריכטונג, מיט וועלכע די „וויעכי" קעמפן נישט אויף לעבן, נאָר אויף טויט. די צווייטע האָבן „אומאויפהערלעך באַהויפּטעט" גענלעך דאָס זעלבע, וואָס עס באַהויפּטן אויך די „וויעכי, „נאָר מע האָט זיי נישט געהערט, די אינטעליגענץ איז זיי געגאַנגען פאַרביי", לאָזט אונדז הערן די פאַררעדע צו די „וויעכי".

דער לייענער קאָן שוין זען הערפון, אַז נישט אויף דער „אינטעליגענץ" פאַלן אָן די „וויעכי", האָט איז נאָר אזא געקינסטלטער אופן פון אויסדריקן זיך, וועלכער דאַרף פאַרפלאָנטערן דעם ענין. דער אָנפאַל קומט פאַר אויף דער גאַנצער ליניע קעגן דער דעמאָקראַטיע, קעגן דער דעמאָקראַטישער וועלטאָנשויונג. און היות ווי פאַר אידעישע פירער פון א פאַרטיי, וועלכע רעקלאַמירט זיך, ווי א „קאָנסטיטוציאָנעל־דעמאָקראַטישע", איז נישט באַקוועם אָנצורופן זאַכן ביי זייער אמתן נאָמען, באָרגן זיי אויס די טערמינאָלאָגיע פון די „מאָסקאָווסקאָיע וויעדאָמאָסטי", *
זיי זאָגן זיך אָפּ נישט פון דער דעמאָקראַטיע, — (וואָס פאַר אַן אומווירדיקע רכילות), — נאָר פון דער „אינטעליגענטישקייט".

דער בריוו פון ביעלינסקין צו גאָגאָלן, לאָזן אונדז הערן די „וויעכי", איז „א פלאַמיקער און קלאַסישער אויסדרוק פון אן אינטעליגענטישער שטימונג" (56). די געשיכטע פון אונדזער פּובליציסטיק, אָנהייבנדיק פון נאָך ביעלינסקין, איז, „אין זין פון לעבנס־פאַרשטיין, א דורכאויסיקער קאָשמאַר" (82).

---

*) „מאָסקווער באַריכטן". — רעד.

אזוי, אזוי. די שטימונג פון די ליבעראַלע פירערס קעגן געזעץ פון ליבאייגנשאַפט איז, וואַרשיינלעך, אַן „אינטעליגענטישע" שטימונג. די געשיכטע פון פּראָטעסט און קאַמף פון די סאַמע ברייטע מאַסן פון דער באַפעלקערונג פון 1861 ביז 1905 קעגן די רעשטלעך פון ליבאייגנשאַפט און קעגן דער גאַנצער אָרדענונג פון רוסישן לעבן איז, וואַרשיינלעך, אַ „דורכאויסיקער קאָשמאַר". אָדער, לויט דער מיינונג פון די קלוגע און געבילדעטע אויטאָרן, קאָן זיין, אַז די שטימונג פון ביעלינסקין אין דעם בריוו צו גאָגאָלן איז נישט געווען אָפּהענגיק פון דער שטימונג פון די ליבאייגענע פּויערים? די געשיכטע פון אונדזער פּובליציסטיק איז נישט געווען אָפּהענגיק פון דעם בונט פון די פאָלקס־מאַסן קעגן די רעשטלעך פון דער ליבאייגנטימערישער אונטערדריקונג?

די „מאָסקאָווסקיע וויעדאָמאָסטי" האָבן שטענדיק דערוויזן, אַז די רוסישע דעמאָקראַטיע, אָנהייבנדיק אפילו פון ביעלינסקין, דריקט אינגאַנצן נישט אויס די אינטערעסן פון די סאַמע ברייטע מאַסן פון דער באַפעלקערונג אין קאַמף פאַר די סאַמע עלעמענטאַרע רעכט פון פאָלק, וועלכע ווערן אָנגעגריפן דורך די ליבאייגנטימערישע אַנשטאַלטן, נאָר דריקט אויס אַן „אינטעליגענטישע שטימונג".

די פּראָגראַם פון „וויעכי" און „מאָסקאָווסקיע וויעדאָמאָסטי" איז די זעלבע סיי אין דער פילאָזאָפיע סיי אין דער פּובליציסטיק. נאָר אין דער פילאָזאָפיע האָבן די ליבעראַלע רענעגאַטן זיך באַשלאָסן זאָגן דעם גאַנצן אמת, אויפצודעקן זייער גאַנצע פּראָגראַם (מלחמה קעגן מאַטעריאַליזם און מאַטעריאַליסטיש־אויסגעטייטשטן פּאָזיטיוויזם, דאָס רעסטאַווּרירן די מיסטיק און מיסטישע וועלטאָנשויונג), און אין דער פּובליציסטיק קרומען זיי זיך, דרייען זיך, יעזואיטיזירן. זיי האָבן איבערגעריסן מיט די סאַמע גרונטיקע אידייען פון דער דעמאָקראַטיע, מיט די סאַמע עלעמענטאַרע דעמאָקראַטישע טענדענצן, נאָר זיי מאַכן דעם אָנשטעל, אַז זיי רייסן איבער בלויז מיט דער „אינטעליגענטשטשינע", די ליבעראַלע בורזשואַזיע האָט זיך אַנטשלאָסן אָפּגעווענדט פון פאַרטיידיקן די רעכט פון פאָלק צו דער פאַרטיידיקונג פון די אַנשטאַלטן, וועלכע זיינען געווענדט קעגן פאָלק. נאָר די ליבעראַלע פּאָליטיקאַנער שטרעבן אויפצוהיטן דעם נאָמען „דעמאָקראַטן".

דעם זעלבן פאָקוס, וועלכן זיי האָבן געמאַכט מיט דעם בריוו פון ביעלינסקין צו גאָגאָלן און מיט דער געשיכטע פון דער רוסישער פּובליציסטיק, מאַכן זיי אויך מיט דער געשיכטע פון דער נישט לאַנגאַניקער באַוועגונג.

„וועגן די „וויעכי" 1909. באַנד 14 ז. 218—219.

# וועגן טשערנישעווסקין

## (דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַט)

...לאָמיר זיך דערמאָנען די גרונטשטריכן פון דער פויערישער רעפאָרם פון 61־טן יאָר. די באַרימטע „באַפרייונג" איז געווען א געוויסנלאָז באַרויבן די פויערים, איז געווען א ריי פון גוואַלדטאַטן און פון דורכאויסיקן חוזק איבער זיי. ביי דער געלעגנהייט פון דער „באַפרייונג" האָט מען פון דער פויערישער ערד אין די שוואַרצערדיקע גובערניעס אָפּגעשניטן ביי די פויערים מער פון א $^1/_5$ חלק. אין איניקע גובערניעס האָט מען אָפּגעשניטן, צוגענומען ביי די פויערים ביז $^1/_3$ און אפילו ביז $^2/_5$ פון דער פויערישער ערד. ביי דער געלעגנהייט פון דער „באַפרייונג" האָט מען די פויערישע ערד אָפּגעגרענעצט פון דער פריצישער אזוי, אז די פויערים זיינען אריבערגעטראָגן געוואָרן אויפן „זאַמד", און די פריצישע ערד האָט זיך מיט א קלין אריינגעשניטן אין דער פויערישער, כדי די אדעליקע פריצים זאָל גרינגער זיין צו פאַרקנעכטן די פויערים און זיי פאַרדינגען די ערד אויף וואוכער־פרייזן. ביי דער געלעגנהייט פון דער „באַפרייונג" האָט מען די פויערים געצוווּנגען „אויסצוקויפן" זייער אייגענע ערד, דערביי האָט מען געריסן פון זיי דאָפּלט און דרייפאַכיק מער פון דער ווירקלעכער פרייז פון דער ערד. אין אלגעמיין האָט די גאַנצע „עפּאָכע פון רעפאָרמעס" פון די זעכציקער יאָרן איבערגעלאָזט די פויערים אָרעמע, דערשלאָגענע, פינצטערע, און אונטערטעניקע צו די לייבאייגנטימערישע פריצים סיי אין געריכט, סיי אין אדמיניסטראַציע, סיי אין שול, סיי אין די „זעמסטוועס"[22]).

„די גרויסע רעפאָרם" איז געווען א לייבאייגנטימערישע רעפאָרם און האָט קיין אנדערע נישט געקאָנט זיין, ווייל דורכגעפירט האָבן זי לייבאייגנטימער. וועלכער־זשע כוח האָט זיי געצוווּנגען צו נעמען זיך פאַר דער רעפאָרם? דער כוח פון דער עקאָנאָמישער אנטוויקלונג, וועלכער האָט ארויפגעפירט רוסלאַנד אויפן וועג פון קאַפּיטאַליזם. די פריצים־לייבאייגנטימער האָבן נישט געקאָנט שטערן דעם וווּקס פון סחורה־אויסטויש צווישן רוסלאַנד און אייראָפּע, האָבן נישט געקאָנט איינהאלטן די אלטע, זיך צעפאַלנדיקע פאָרמען פון דער ווירטשאַפט. די קרימער מלחמה האָט באַוויזן די צעפוילטקייט און מאַכטלאָזיקייט פון לייבאייגנטימערישן רוסלאַנד. די פויערישע „בונטן", אנוואַקסנדיק מיט יעדן יאָרצענדליק איידער דער באַפרייונג, האָבן געצוווּנגען דעם גרעסטן פריץ

אלעקסאנדער דעם 2־טן, צו אנערקענען, אז ס'איז בעסער צו באפרייען פון אויבן, איידער ווארטן, ביז מען וועט אראפווארפן פון אונטן.

„די פויערישע רעפארם" איז געווען א בורזשואזע רעפארם, דורכ־געפירט דורך לייבאייגנטימער. דאס איז געווען א טראט אויפן וועג פון פארוואנדלען רוסלאנד אין א בורזשואזע מאנארכיע. דער אינהאלט פון דער פויערישער רעפארם איז געווען א בורזשואזער, און דער האזיקער אינהאלט איז אלץ שטארקער געקומען צום אויסדרוק, וואס ווייניקער עס איז געווארן ארומגעשניטן די פויערישע ערד, וואס מערער מע האט זי אויסגעטיילט פון דער פריצישער, וואס קלענער עס איז געווען דער צינש פאר די לייבאייגנטימער (ד. ה. „דער אויסקויף"), וואס פרייער פון דער ווירקונג און פון דעם דרוק פון די לייבאייגנטימער עס האבן זיך איינגעארדנט די פויערים פון דער אדער יענער געגנט. אויף וויפל דער פויער האט זיך ארויסגעריסן פון אונטער דער מאכט פון לייבאייגנטימער, אויף אזויפיל איז ער שטיין געבליבן אונטער דער מאכט פון געלט, אריינגעפאלן אין די באדינגונגען פון סחורה־פראדוקציע, גע־ווארן אפהענגיק פון אנוואקסנדיקן קאפיטאל. און נאך דעם 61־טן יאר איז די אנטוויקלונג פון קאפיטאליזם אין רוסלאנד אוועק מיט אזא שנעל־קייט, אז אין עטלעכע יארצענדליקער זיינען פארגעקומען אזעלכע אומ־וואנדלונגען, וואס אין אייניקע אלטע לענדער פון איראפע האבן זיי פאר־נומען גאנצע יארהונדערטער.

דער בארימטער קאמף פון די לייבאייגנטימער מיט די ליבעראלן, וועלכער איז געווארן אזוי באשריבן און פאנאנדערגעבלאזן דורך אונ־דזערע ליבעראלע און ליבעראל־פאלקיסטישע היסטאריקער, איז געווען א קאמף אינערהאלב די הערשנדיקע קלאסן, מערסטנטייל אינערהאלב די פריצים. א קאמף אויסשליסלעך ארום די מאסן און פארמען פון די הנחות. די ליבעראלן פונקט אזוי ווי די לייבאייגנטימער זיינען געשטאנען אויף דעם באדן פון אנערקענען דאס אייגנטום און די מאכט פון די פריצים, פאראורטיילנדיק מיט צארן יעדן רעוואלוציאנערן געדאנק וועגן פארניכטן דאס דאזיקע אייגנטום, וועגן פולשטענדיקן אראפווארפן די דאזיקע מאכט.

דער דאזיקער רעוואלוציאנערער געדאנק האט נישט געקאנט נישט ווערן אין די קעפ פון די לייבאייגענע פויערים. און אויב יארהונדערטער פון קנעכשאפט האבן אזויפיל דערשלאגן און פארטעמפט די פויע־רישע מאסן, אז זיי זיינען אויף גארנישט נישט געווען פעיק אין דער צייט פון דער רעפארם, אויסער ווי אויף צעבראקלטע, איינצלנע אויפ־

שטאנדן, ניכער אפילו „בונטן", וועלכע זיינען נישט געווען באלויכטן מיט קיין שום פּאָליטישן באוווסטזיין, זיינען שוין אָבער דעמאלט אין רוסלאנד אויך געווען רעוואָלוציאָנערן, וועלכע זיינען געשטאנען אויף דער זייט פון פויערטום און פארשטאנען די גאנצע באגרענעצטקייט און אָרעמקייט פון דער באריטמטער „פויערישער רעפאָרם"; איר גאנצן לייבאייגנטימערישן כאראקטער. אין שפּיץ פון די דאָזיקע, דעמאלט זייער ווייניקע, רעוואָלוציאָנערן איז געשטאנען נ. ג. טשערנישעווסקי.

דער 19־טער פעברואר 1861 באצייכנט מיט זיך דעם אָנהייב פון א ניי בורזשואזן רוסלאנד, וואָס איז אויסגעוואקסן פון דער לייבאייגנטימערישער עפּאָכע. די ליבעראלן פון די 1860־טער יאָרן און טשערנישעווסקי זיינען די פאָרשטייער פון צוויי היסטאָרישע טענדענצן, פון צוויי היסטאָרישע כוחות, וועלכע באשטימען פון יענער צייט ביז הארט צו אונדזער צייט דעם אויסגאנג פון קאמף פאר א ניי רוסלאנד. אָט פארוואָס אין טאָג, ווען עס ווערט פופציק יאָר פון יענעם 19־טן פעברואר, דארף דער באוווסטזיניקער פּראָלעטאריאט זיך אָפּגעבן א וואָס מער קלאָרע רעכענונג וועגן דעם, וועלכער איז געווען דער תוך פון די ביידע טענדענצן און וועלכע איז זייער קעגנזייטיקע באציאונג.

די ליבעראלן האָבן געוואָלט „באפרייען" רוסלאנד פון אויבן, נישט צעשטערנדיק נישט די מאָנארכיע פון צאר, נישט דעם ערד־באזיץ און די מאכט פון די פריצים, סטימולירנדיק זיי בלויז צו „הנחות" אין גייסט פון דער צייט. די ליבעראלן זיינען געווען און בלייבן די אידעאָלאָגן פון דער בורזשואזיע, וועלכע קאָן נישט שלום מאכן מיט דעם לייבאייגנטום, נאָר וועלכע האָט מורא פאר דער רעוואָלוציע, האָט מורא פאר דער באוועגונג פון מאסן, וואָס איז פעיק אראָפּצוואַרפן די מאָנארכיע און צעשטערן די מאכט פון די פריצים. די ליבעראלן באגרענעצן זיך דעריבער מיט דעם קאמף, „פאר רעפאָרמעס", „מיט דעם קאמף פאר רעכט" ד. ה. מיט דעם צעטיילן די מאכט צווישן די לייבאייגנטימער און דער בורזשואזיע. קיין שום אנדערע „רעפאָרמען", אויסער די, וועלכע ווערן דורכגעפירט דורך די לייבאייגנטימער, קיין שום אנדער „רעכט", אויסער די באגרענעצטע דורך דעם ווילקיר פון די לייבאייגנטימער, קאָנען זיך נישט באקומען ביי אזא כוחות־פארהעלטעניש.

טשערנישעווסקי איז געווען א סאָציאליסט־אוטאָפּיסט, וועלכער האָט געחלומט וועגן דעם איבערגאנג צום סאָציאליזם דורך דער אלטער, האלבפעאָדאלער פויערישער געמיינדע, וועלכער האָט נישט געזען און האָט נישט געקאָנט אין די 60־ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט זען, אז בלויז

די אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם און פון פּראָלעטאַריאַט איז אימשטאַנד צו שאַפן די מאַטעריעלע באַדינגונגען און דעם געזעלשאַפטלעכן כוח פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון סאָציאַליזם. אָבער טשערנישעווסקי איז נישט געווען בלויז אַ סאָציאַליסט־אוטאָפּיסט. ער איז אויך געווען אַ רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַט, ער האָט געקאָנט באַווירקן אַלע פּאָליטישע געשעענישן פון זיין עפּאָכע אין רעוואָלוציאָנערן גייסט, דורכפירנדיק — דורך אַלע שטערונגען און שלאַבאַנס פון דער צענזור — די אידיי פון דער פּויערישער רעוואָלוציע, די אידיי פון קאַמף פון די מאַסן פאַר אַראָפּוואַרפן אַלע אַלטע כוחות. די „פּויערישע רעפאָרם" פון 61־טן יאָר, וועלכע די ליבעראַלן האָבן אָנהייבס צוגעפּוצט, און דערנאָך אַפילו גערימט, האָט ער באַצייכנט אַלס עקלהאַפטע, ווייל ער האָט קלאָר געזען איר לייבאייגנטימערישן כאַראַקטער, קלאָר געזען, אַז די הערן ליבעראַלע באַפרייער שינדן אַרום די פּויערים ווי אַ ליפּע־ביימל. די ליבעראַלן פון די 60־ער יאָרן האָט טשערנישעווסקי אָנגערופן „פּלוידערער, באַרימער און נאַראָנים", ווייל ער האָט קלאָר געזען זייער שרעק פאַר דער רעוואָלוציע, זייער כאַראַקטערלאָזיקייט און קנעכטשאַפט לגבי דער מאַכט פון די רייכע.

די דאָזיקע צוויי היסטאָרישע טענדענצן האָבן זיך אַנטוויקלט אין משך פון דעם האַלבן יאָרהונדערט, וואָס איז פאַריבער נאָך דעם 19־טן פעברואַר [23]), און זיינען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען אַלץ קלאָרער, באַשטימטער און אַנטשלאָסענער. עס זיינען געוואַקסן די כוחות פון דער ליבעראַל־מאָנאַרכישער בורזשואַזיע, וועלכע האָט געפּרעדיקט זיך צופרידנצושטעלן מיט „קולטור"־אַרבעט און גרענעצט זיך אָפּ פון דער רעוואָלוציאָנערער אונטערערד. עס זיינען געוואַקסן די כוחות פון דעמאָקראַטיע און סאָציאַליזם, וועלכע זיינען אָנהייבס געווען אויסגעמישט צוזאַמען אין דער אוטאָפּיסטישער אידעאָלאָגיע און אין דעם אינטעליגענטישן קאַמף פון די נאַראָדנאָוואָלצעס [24]) און רעוואָלוציאָנערע פאָלקיסטן, און וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן פון די 90־ער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט פאַנאַנדערצוגיין אין דער מאָס, ווי עס איז געשען דער איבערגאַנג פון דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף פון די טעראָריסטן און יחידים־פּראָפּאַגאַנדיסטן צו דעם קאַמף פון די רעוואָלוציאָנערע קלאַסן גופא. דער יאָרצענדליק פאַר דער רעוואָלוציע, פון יאָר 1895 ביז 1904, ווייזט אונדז שוין אָפענע אַרויסטריטן און אַ כסדרדיקן וווקס פון דער פּראָלעטאַרישער מאַסע, אַ וווקס פון שטרייק־קאַמפן, אַ וווקס פון סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־אַגיטאַציע, אָרגאַניזאַציע, פּאַרטיי. נאָך דעם סאָ־

ציאַליסטישן אוואַנגאַרד פון פּראָלעטאַריאַט האָט אויך אָנגעהויבן אַרויסטרעטן אין מאַסן־קאַמף, באַזונדערס פון יאָר 1902, דאָס רעוואָלוציאָנער־דעמאָקראַטישע פּויערטום.

די דאָזיקע צוויי טענדענצן, וועלכע האָבן זיך אין 61־טן יאָר בלויז אָנגעמערקט אין לעבן, נאָר וואָס אָנגעצייכנט אין דער ליטעראַטור, האָבן זיך אין דער רעוואָלוציע פון 1905־טן יאָר אַנטוויקלט, אַרויסגעוואַקסן, געפונען זייער אויסדרוק אין דער באַוועגונג פון די מאַסן, אין דעם קאַמף פון די פּאַרטייען אויף די פאַרשידנסטע געביטן, אין דער פּרעסע, אויף די מיטינגען, אין די פאַריינען, אין די שטרייקן, אין אויפשטאַנד, אין די מלוכה־דומעס.

...די דעמאָקראַטישע און סאָציאַליסטישע טענדענצן האָבן זיך אָפּגעטיילט פון דער ליבעראַלער און זיך אָפּגעגרענעצט איינע פון דער צווייטער. דער פּראָלעטאַריאַט האָט זיך אָרגאַניזירט און אַרויסגעטרעטן באַזונדער פון פּויערטום, קאָנצענטרירנדיק זיך אַרום זיין סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי. דאָס פּויערטום איז געווען אָרגאַניזירט אין דער רעוואָלוציע אומפאַרגלייכלעך שוואַכער, זיינע אַרויסטרעטונגען זיינען געווען פיל, פיל מאָל צעבראָקלטער, שוואַכער, זיין באַוואוסטזיין איז געשטאַנען אויף א פיל מער נידעריקער שטופע, און די מאָנאַרכיסטישע (און די אויך אומצערייסבאַר פאַרבונדענע מיט איר קאָנסטיטוציאָנעלע) אילוזיעס האָבן נישט זעלטן פּאַראַליזירט זיין ענערגיע, געמאַכט איר אָפּהענגיק פון די ליבעראַלן, און צייטנווייז אויך פון די שוואַרצמאַהניקעס, געפירט איר צו א פּוסט פאַנטאַזירן וועגן „גאָטס ערד", אַנשטאָט צו אַן אָנגריף אויף די פּריצים־ערדבאַזיצער מיטן ציל פולשטענדיק צו פאַרניכטן דעם דאָזיקן קלאַס. און פונדעסטוועגן, אין אַלגעמיין גענומען, האָט דאָס פּויערטום, ווי א מאַסע, געקעמפט טאַקע קעגן די פּריצים, אַרויסגעטרעטן רעוואָלוציאָנער און אין אַלע דומעס — אַפילו אין דער דריטער מיט איר פאַרקריפּלטער פאָרשטייערשאַפט לטובת די לייבאייגנטימער — האָט עס געשאַפן אַרבעטנדיקע גרופּן, וועלכע האָבן פאַרגעשטעלט, נישט געקוקט אויף זייערע אָפטע וואַקלונגען, די אמתע דעמאָקראַטיע. די קאַדעטן און טרודאָוויקעס[25]) פון די יאָרן 1905—1907 האָבן אויסגעדריקט אין דער מאַסן־באַוועגונג און פּאָליטיש אויספאָרמירט די פּאָזיציע און די טענדענצן פון דער בורזשואַזיע, וועלכע איז פון איין זייט געווען ליבעראַל־מאָנאַרכיסטיש און פון דער צווייטער זייט, רעוואָלוציאָנער־דעמאָקראַטיש.

דאָס 61־טע יאָר האָט געבוירן דאָס 1905־טע. דער ליבאיגנטימערישער כאַראַקטער פון דער ערשטער „גרויסער" בורזשואזער רעפאָרם האָט באַשווערט די אַנטוויקלונג, האָט פאַראורטיילט די פויערים אויף טויזנטער שווערערע און ערגערע ליידן, נאָר נישט געענדערט די ריכטונג פון דער אַנטוויקלונג, נישט אָפּגעווענדט די בורזשואזע רעוואָלוציע פון 1905־טן יאָר. די רעפאָרם פון 61־טן יאָר האָט אָפּגעלייגט די אויפלייזונג, אויפעפנדיק אַ באַשטימטע קלאַפּע, געבנדיק אַ געוויסן צוווּקס דעם קאַפּיטאַליזם, נאָר זי האָט נישט באַזייטיקט די אומפאַרמיידלעכע אויפלייזונג, וועלכע האָט זיך אין 1905 יאָר אָפּגעשפּילט אויף אַן אומפאַרגלייכלעך ברייטערער פלאַך אין דעם אָנגריף פון די מאַסן אויף דער זעלבסטהערשאַפט פון צאַר און אויף די פּריצים־ליבאיגנטימער. די רעפאָרם, וועלכע איז דורכגעפירט געוואָרן דורך די ליבאיגנטימער אין דער עפּאָכע פון פולשטענדיקער נישט אַנטוויקלטקייט פון די אונטערדריקטע מאַסן, האָט געבוירן די רעוואָלוציע צו דער צייט, ווען עס זיינען רייף געוואָרן די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן אין די דאָזיקע מאַסן.

...די קענער פון דער רעוואָלוציע, וועמעס האָס און ציניזם־קריטיש, ווער מיט ביטערניש און פאַרצווייפלונג, אָנערקענען די „רעפאָרמען" פון 61־טן יאָר און פון די יאָרן 1907—1910 פאַר נישט אײַנגעגעבענע דערפאַר, ווייל זיי פאַרהיטן נישט פון דער רעוואָלוציע. די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, די פאָרשטייערין פון דעם איינציקן ביז אין סוף רעוואָלוציאָנערן קלאַס אין אונדזערע טעג, ענטפערט אויף דעם דאָזיקן אָנערקענען: די רעוואָלוציאָנערן האָבן געשפּילט די גרעסטע היסטאָרישע ראָל אין געזעלשאַפטלעכן קאַמף און אין אַלע סאָציאַלע קריזיסן אַפילו דעמאָלט, ווען די דאָזיקע קריזיסן האָבן געפירט בלויז צו האַלבע רעפאָרמען. די רעוואָלוציאָנערן — דאָס זיינען די פירער פון די אַלע געזעלשאַפטלעכע כוחות, וועלכע שאַפן אַלע איבערגעשטאַלטיקונגען; די רעפאָרמען — דאָס איז דער זייטיקער פּראָדוקט פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף.

די רעוואָלוציאָנערן פון 61־טן יאָר זיינען געבליבן פאַראיינזאַמטע און געליטן, אין פּלוג, אַ פולשטענדיקע מפּלה. אין דער אמתן זיינען זיי געמלעך געווען די גרויסע טוער פון דער דאָזיקער עפּאָכע, און וואָס ווייטער מיר גייען אָפּ פון איר, אַלץ קלאָרער ווערט אונדז זייער גרויסקייט, אַלץ באַשיינפערלעכער די קליינקייט און נעבעכדיקייט פון די דעמאָלטיקע ליבעראַלע רעפאָרמיסטן.

דער רעוואָלוציאָנערער קלאַס פון די יאָרן 1905—1907, דער סאָציאַליסטישער פּראָלעטאַריאַט, האָט אין פּלוג געליטן אַ פולשטענדיקע מפּלה

און די ליבעראלע מאנארכיסטן, און די ליקווידאטארן פון דער צאל אויך־מארקסיסטן האבן פארשריגן אלע אויערן וועגן דעם, ווי ער איז פאר־גאנגען מבלומרשט „זייער ווייט”, דערגאנגען ביז „עקצעסן”, ווי ער האט זיך געלאזט מיטרייסן מיט דעם „סטיכישן קלאסן־קאמף”, ווי ער האט זיך געלאזט פארפירן פון דער שעדלעכער אידיי פון „העגעמאניע פון פראלעטאריאט” א. א. וו. א. א. וו. אין דער אמתן איז די „שולד” פון פראלעטאריאט באשטאנען בלויז אין דעם, וואס ער איז נישט גענוג ווייט פארגאנגען, נאר די דאזיקע „שולד” לאזט זיך פארענטפערן מיט דעם העמלטיקן צושטאנד פון זיינע כוחות און קויפט זיך אויס מיט דער אוימאויפהערלעכער רעוואלוציאנערער, סאציאל־דעמאקראטישער ארבעט אין דער צייט פון דער ערגסטער רעאקציע, מיט דעם עקשנותדיקן קאמף קעגן אלע הערשיינונגען פון רעפארמיזם און אפארטוניזם. אין דער אמתן איז דאס אלץ, וואס איז אויסגעקעמפט געווארן ביי די שונאים, אלץ, וואס איז דורכהאפט אין די דעראבערונגען, — אויסגעקעמפט געווארן און האלט זיך בלויז אין אזא מאס, אויף וויפל ס'איז שטארק און לעבעדיק דער רעוואלוציאנערער קאמף אויף אלע געביטן פון דער פראלעטארישער אר־בעט .אין דער אמתן האט נאר דער פראלעטאריאט פארטיידיקט ביזן סוף דעם קאנסעקווענטן דעמאקראטיזם, דעמאסקירנדיק די גאנצע וואקלדיקייט פון ליבעראליזם, ארויסרייסנדיק פון אונטער זיין השפעה דאס פויערטום, דערהויבנדיק זיך מיט העלדישער דרייסטקייט צו א באוואפנטן אויפ־שטאנד.

קיינער איז נישט אומשטאנד פארויסצוזאגן אויף וויפל עס וועלן זיך ווירקלעך רעאליזירן די דעמאקראטישע איבערגעשטאלטיקונגען אין רוסלאנד אין דער עפאכע פון זיינע בורזשואזע רעוואלוציעס, נאר עס ליגט נישט אונטער קיין שום שאטן פון צווייפל, אז נאר דער רעוואלוציאנערער קאמף פון פראלעטאריאט וועט באשטימען די מדרגה פון דעם דערפאלג פון די איבערגעשטאלטיקונגען. צווישן די לייבאייגנטימערישע „רעפאר־מען” אין בורזשואזן גייסט, און דער דעמאקראטישער רעוואלוציע, וועל־כע וועט אנגעפירט דורך דעם פראלעטאריאט, קאנען זיין בלויז שוואכע, באראקטערלאזע און אידייענלאזע וואקלונגען פון ליבעראליזם און אפאר־טוניסטישן רעפארמיזם.

„די פויערישע רעפארם” און די פראלעטא־
ריש-פויערישע רעוואלוציע” 1911. באנד 15,
זייט 148—142.

## (די לייבאייגנטימערישע רעפאָרם פון יאָר 1861 און טשערנישעווסקי)

....„די 80־ער יאָרן (שרייבט דער ליבעראַלער פאָלקיסט יוזשאַקאָוו — רעד.) האָבן לייכטער געמאַכט די לאַסט פון פאָלק... און דערמיט געראַטעוועט דאָס פאָלק פון ענדגילטיקער רואינירונג".

אויך דאָס איז אַ קלאַסישע פראַזע, לויט איר לאָקייאישער אומפאַרשעמטקייט, וועלכע לאָזט זיך אפשר פאַרגלייכן בלויז מיט דער דערקלערונג פון הער מיכאַילאָווסקי[26]), אַז מיר דאַרפן ערשט שאַפן אַ פּראָלעטאַריאַט. מע קאָן נישט דערמאָנען ביי דער געלעגנהייט די געשיכטע פון דער עוואָלוציע פון אַ רוסישן ליבעראַל, וועלכע שטשעדרין האָט אַזוי טרעפלעך באַשריבן. ער הייבט אָן, דער האָזיקער ליבעראַל, דערפון, וואָס ער בעט ביי נאַטשאַלסטווע רעפאָרמען „לויט די מעגלעכקייטן", זעצט פאָר דערמיט, וואָס ער בעטלט „נו, כאָטש עפּעס וואָס", און ענדיקט מיט דער אייביקער נישט וואַקלדיקער פּאָזיציע „אין הסכם מיט דער געמיינהייט". נו, ווי אַזוי קאָן מען אין דער אמתן נישט זאָגן וועגן די „פריינד פון פאָלק", אַז זיי האָבן פאַרנומען די דאָזיקע אייביקע נישט וואַקלענדיקע פּאָזיציע, ווען אונטער דעם פרישן איינדרוק פון הונגער פון מיליאָנען פון פאָלק, צו וועלכע די רעגירונג האָט זיך אָנהייבס באַצויגן מיט סוחרישער קאַרגשאַפט און דערנאָך מיט סוחרישער פּחדנות, — ריידן זיי אין דער פּרעסע וועגן דעם, אַז די רעגירונג האָט געראַטעוועט דאָס פאָלק פון ענדגילטיקער רואינירונג!! עס וועלן פאַריבער נאָך עטלעכע יאָר מיט נאָך אַ שנעלערער עקספּראָפּריאַציע פון פּויערטום, צו דער גרינדונג פון מיניסטעריום פאַר ערד־אַרבעט וועט די רעגירונג צוגעבן דאָס אָפּשאַפן פון איינעם אָדער צוויי דירעקטע שטייערן און דאָס שאַפן פון עטלעכע נייע אומדירעקטע; דערנאָך וועט דער הונגער אַרומנעמען אַ 40 מיליאָן פון פאָלק, — און די דאָזיקע הערן וועלן פּונקט אַזוי שרייבן: איר זעט, עס הונגערן 40 מיליאָן און נישט קיין 50 מיליאָן; דאָס איז דערפאַר, וואָס די רעגירונג האָט לייכטער געמאַכט די לאַסט פון פאָלק און געראַטעוועט דאָס פאָלק פון ענדגילטיקער רואינירונג, דאָס איז דערפאַר, וואָס זי האָט געפאָלגט די „פריינד פון פאָלק" און געגרינדעט דאָס מיניסטעריום פאַר ערד־אַרבעט!

...צי געדענקט איר די דייטשע באַצייכענונג פון אַ פּיליסטער?

וואָס איזט דער פיליסטער?
אַיין האָהלער דארם,
פאָל פורכט און האָפנונג
דאָס גאָט ערבארם (ה. היינע — ריעד)

צו אונדזער ענין איז די האָזיקע באַצייכענונג אביסל נישט צוגעפאסט. גאָט... גאָט איז ביי אונדז אינגאנצן אויפן צווייטן אָרט. דערפאר, זעט איר, די נאַטשאלסטווא — דאָס איז שוין עפעס אנדערש. און אויב מיר ווילן אין דער באַצייכענונג אָנשטאָט דעם וואָרט „גאָט" אריינשטעלן דאָס וואָרט „נאַטשאלסטוואָ", — ווילן מיר באַקומען דעם פינקטלעכסטן אויסדרוק פון דעם אידעישן באַגאַזש, מאָראלישן ניוואָ און בירגערלעכן מוט פון די רוסישע הומאַניטאַר־ליבעראלע „פריינד פון פאָלק".

מיט אזא אומגעלומפערטן קוקן אויף דער רעגירונג פארבינדן די „פריינד פון פאָלק" אויך אן אנטשפרעכנדיקע באַציונג צו דער אזוי גערופענער „אינטעליגענץ". ג. קרזשעוסקאָ שרייבט: די „ליטעראַטור"... דארף אָפשאצן די דערשיינונגען לויט זייער געזעלשאפטלעכן זין און דערמוטיקן יעדן אקטיוון פרוו צום גוטן. זי האָט פעסטגעשטעלט, און שטעלט ווייטער פעסט דעם מאַנגל פון לערער, פון דאָקטוירים, טעכניקער, וועגן דעם, אז דאָס פאָלק קרענקט, ווערט רואינירט (ווייניק טעכניקער!), קאָן נישט לייענען און שרייבן א. א. וו. און ווען עס באַווייזן זיך מענטשן, וועלכע ס'האָט זיך צוגעגעסן צו זיצן ביי גרינע טישן, אַנטייל נעמען אין אמאַטאָרישע ספעקטאַקלען און עסן פרעזעסישע פיראָגעס מיט פישדרויג, מענטשן, וועלכע געבן זיך איבער דער ארבעט מיט זעלטענער אָפפערווויליקייט (טוט אקאָרשט א טראַכט: זיי האָבן זיך דאָך אָפגעזאָגט פון די גרינע טישן, ספעקטאַקלען און פיראָגעס!) דארף זי זיי, נישט געקוקט אויף אומצאָליקע שטערונגען, באַגריסן".

מיט א פאָר זייטלעך שפעטער בייזערט ער זיך מיט זאַכלעכן ערנסט פון א משרת, וואָס איז קלוג געוואָרן פון דערפארונג, אויף די מענטשן, וועלכע „האָבן זיך געוואַקלט אין דער פראַגע, צי זאָלן זיי גיין ביי דער נייער לאַגע פאר נאַטשאלניקעס אין די „זעמסטוועס", פאר בירגערמייסטער, פאר פאָרזיצער און מיטגלידער פון די לאַנד־פארוואלטונגען, צי נישט גיין. אין א געזעלשאפט מיט אן אנטוויקלטן באַוווסטזיין פון בירגערלעכע באַדערפענישן און פליכטן (הערט זיך גוט צו, מיינע הערן, דאָס איז שוין, באמת, ענלעך צו די רעדעס פון די באַרימטע רוסישע פאָמפאַ

הודן* פון א וועלכער ס'איז בארנאָנאָוס אָדער קאָסיטשעס!) וואָלטן נישט געווען דענקבאר — נישט אזעלכע וואקלונגען, נישט אזא באציונג צום ענין, דערפאר וואָס זי וואָלט יעדע רעפאָרם, אויב עס איז נאָר אין איר פאראן פראקטישע מאָמענטן, אסימילירט אויף איר אופן, ד. ה. אויסגענוצט און דערמעגלעכט די אנטוויקלונג פון די דאָזיקע מאָמענטן אירע, וועלכע אנטשפּרעכן דעם ציל, דאקעגן די אומניטיקע מאָמענטן וואָלט זי פארוואנדלט אין א טויטן בוכשטאב; און אויב די רעפאָרם איז אינגאנצן נישט פראקטיש, וואָלט זי אינגאנצן איבערגעבליבן ווי א פרעמדער קערפּער".

דער רוח ווייסט, וואָס דאָס איז! עפּעס א מין גראָשנדיקער אָפּאָרטוניזם, און ער טרעט ארויס מיט אזא זעלבסטאנטציקונג! די אויפגאבע פון דער ליטעראטור — צונויפזאמלען די סאלאָן־רכילותן וועגן שלעכטע מארקסיסטן, קניען פאר דער רעגירונג פאר איר ראטעווען דאָס פאָלק פון ענדגילטיקער רואינירונג, באגריסן די מענטשן, וועלכע ס'האָט זיך צוגעגעסן צו זיצן ביי גרינע טישן, לערנען דאָס „פּובליקום" נישט צו זייטיקן זיך אפילו פון אזעלכע אמטן, ווי דאָס איז דער אמט פון א זעמסקי נאַטשאלניק... איז וואָס לייען איך אייגנטלעך „נייעדיעליא", אָדער די „נאָוואָיע ווראָמיע" — ניין, דאָס איז — „רוסקאַיע באָגאטסטוואָ", דער אָרגאַן פון די פאָרגעשריטענע רוסישע דעמאָקראטן... און אזעלכע הערן רעדן נאָך וועגן די „אידעאלן פון די טאטעס", פּרעטענדירן דערויף, אז זיי, אויסדריקלעך, זיי, היטן אָפּ די טראדיציעס פון יענע צייטן, ווען פראנקרייך האָט איבער גאנץ אייראָפּע פארשפּרייט די אידייען פון סאָציאליזם — און ווען דאָס אויפנעמען פון די דאָזיקע אידייען האָט געגעבן אין רוסלאנד די טעאָריעס און לערעס פון הערצענען, טשערנישעווסקין. דאָס איז שוין אינגאנצן א זינלאָזיקייט, וועלכע וואָלט געווען טיף אויפרעגנדיק און באליידיקנדיק, ווען די „רוסקאַיע באָגאטסטוואָ" זאָל נישט זיין אזוי שטארק לעכערלעך, ווען ענלעכע דערשיינונגען אויף די זייטן פון אזא זשורנאל וואָלטן נישט ארויסגערופן בלויז קיין האָמעריש געלעכטער. יאָ, איר פארשמוצט די דאָזיקע אידעאלן! און ווירקלעך, אין וואָס זיינען באשטאנען די דאָזיקע אידעאלן ביי די ערשטע רוסישע סאָציאליסטן, ביי די סאָציאליסטן פון דער עפּאָכע, וועלכע קאוטסקי האָט אזוי טרעפלעך כאראקטעריזירט מיט די ווערטער:

*) אַ הערשער אַ בעל-גאווהניק. פון דעם נאָמען פון דער מארקיזע פּאָמפּאַדור, די געליבטע פון פראנצויזישן קעניג לודוויג דעם 15-טן. — רעד.

— „ווען יעדער סאָציאַליסט איז געווען אַ פּאָעט און יעדער פּאָעט — אַ סאָציאַליסט".

— דער גלויבן אין אַ באַזונדערן סיסטעם, איז דער געמיינדע־סיסטעם פון רוסישן לעבן; פונדאַנען — דער גלויבן אין דער מעגלעכקייט פֿון אַ פֿויערישער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע — אָט וואָס עס האָט זיי באַגייסטערט, וואָס עס האָט אויפֿגעהויבן צענדליקער און הונדערטער מענטשן צום העלדישן קאַמף מיט דער רעגירונג. און איר קאָנט נישט פֿאַרוואַרפֿן די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, אַז זיי האָבן נישט געקאָנט אָפּשאַצן דעם אומגעהייערן היסטאָרישן פֿאַרדינסט פֿון די דאָזיקע בעסטע מענטשן פֿון זייער צייט, אַז זיי האָבן נישט געקאָנט טיף אַכטן זייער אָנדענק. נאָר איך פֿרעג אייך: וווּ זשע איז ער אויצט דער דאָזיקער גלויבן? ער איז נישטאָ, אַזוי ווייט נישטאָ, אַז ווען דער הער וו. וו. האָט געפּרוווט אין פֿאַריקן יאָר רעדן וועגן דעם, אַז די געמיינדע דערציט דאָס פֿאָלק צו סאָלידאַרישער טעטיקייט, דינט אַלס צענטער פֿון אַלטרואיסטישע געפֿילן און ד. גל. — דאָן האָט אפילו דער ה. מיכאַלאָווסקי זיך דערפֿילט נישט באַקוועם און שעמעוודיק געמאַכט פֿאַרוואָרפֿן דעם הער וו. וו., אַז „ס'איז נישטאָ אַזאַ פֿאָרשונג, וואָס זאָל דערווייזן די פֿאַרבינדונג צווישן אונדזער געמיינדע און אַלטרואיזם". און ווירקלעך, אַזאַ פֿאָרשונג איז נישטאָ. אָבער, זעט איר, — עס איז געווען אַ צייט — און אָן יעדער פֿאָרשונג האָבן די מענטשן געגלויבט און געגלויבט מסירת־נפֿשדיק.

ווי אַזוי? פֿאַרוואָס? אויף וועלכן יסוד?

— „יעדער סאָציאַליסט איז געווען אַ פּאָעט און יעדער פּאָעט — אַ סאָציאַליסט".

...מיר וועלן נעמען נאָך איין ביישפּיל פֿון דעם געביט פֿון אורטיילן וועגן דער פֿויערישער רעפֿאָרם. ווי האָט זיך צו איר באַצויגן אַ דעמאָקראַט פֿון דער אויבנדערמאָנטער עפּאָכע פֿון אומצעטיילבאַרקייט צווישן דעמאָקראַטיזם און סאָציאַליזם, טשערנישעווסקי? נישט זייענדיק אימשטאַנד אָפֿן אַרויסצוזאָגן זיינע מיינונגען, האָט ער געשוויגן, אָבער פֿאַרשטעלט האָט ער כאַראַקטעריזירט די רעפֿאָרם, וועלכע מע האָט צוגעגרייט אויף אַזאַ אופֿן:

„לאָמיר זיך פֿאָרשטעלן, אַז איך בין געווען פֿאַראינטערעסירט אָנצונעמען מיטלען, כדי אויפֿצוהיטן די שפּייז, וואָס פֿון איר זאָל פֿאַר וווּרט צוגעשטעלט אייער מיטאָג. עס איז פֿאַרשטענדלעך

פון זיך אליין, אז אויב איך האָב דאָס געטאָן אייגנטלעך אויס גינציקייט צו אייך, דאַן האָט מיין פליים זיך באַזירט אויף דער הנחה, אַז די שפּייז געהערט צו אייך און אַז דער מיטאָג, וואָס ווערט פון איר צוגעגרייט, איז געווינט און גוט פאַר אייך. שטעלט זשע אייך פאָר מיינע געפילן, ווען איך דערוויס זיך, אַז די שפּייז געהערט גאָרנישט צו אייך און אַז פאַר יעדן מיטאָג, וואָס מע גרייט פון איר צו, נעמט מען פון אייך געלט, וואָס נישט נאָר דער מיטאָג גופא איז עס נישט די ווערט (דאָס איז געשריבן נאָך פאַר דער רעפאָרם. און די הערן יוזשאַקאָווס פאַרזיכערן איצט, אַז איר הויפּטפּרינציפּ איז צו פאַרזיכערן די פּויערים!!), נאָר וואָס איר קאָנט עס בכלל נישט באַצאָלן, סיידן איר זאָלט זיך ביז גאָר פאַרענגען. וועלכע געדאַנקען קומען מיר אין קאָפּ אַריין ביי אַזעלכע אויסטערלישע אַנטדעקונגען?... ווי נאַריש בין איך געווען, וואָס איך האָב מיך באַמיט וועגן אַן עניו, וואָס פאַר זיין נוצלעכקייט זיינען נישט פאַרזיכערט די באַדינגונגען!

ווער, אויסער אַ נאַר, קאָן זיך באַמיען וועגן איינהייטן אייגנטום אין באַשטימטע הענט, נישט פאַרזיכערנדיק זיך פריער, אַז דאָס אייגנטום וועט זיך באַקומען אין די דאָזיקע הענט און באַקומען זיך אויף באַקוועמע באַדינגונגען?... זאָל בעסער צו גרונד גיין די דאָזיקע גאַנצע שפּייז, וועלכע ברענגט בלויז שאָדן מיין באַליבטן מענטשן! זאָל בעסער צו גרונד גיין דער גאַנצער עניו, וועלכער ברענגט בלויז רואינירונג".

איך שטרייך אונטער די ערטער, וועלכע ווייזן בולטער די טיפע און אויסגעצייכנטע פאַרשטענדעניש פון טשערנישעווסקין פאַר דער ווירקלעכקייט פון זיין צייט, די פאַרשטענדעניש דערפון, וואָס אַזוינס זיינען די פּויערישע צאָלונגען, די פאַרשטענדעניש פון דער אַנטאַגאָניסטישקייט פון די רוסישע געזעלשאַפטלעכע קלאַסן. ס'איז אויך וויכטיק אָפּצומערקן, אַז ענלעכע ריין־רעוואָלוציאָנערע אידייען האָט ער געקאָנט אַרויסזאָגן אין דער צענזורעלער פּרעסע. אין זיינע אומלעגאַלע ווערק האָט ער דאָס זעלבע געשריבן נאָר נישט פאַרשטעלט, אין אַ „פּראָלאָג צו אַ פּראָלאָג" זאָגט וואָלגין (וואָס אין זיין מויל האָט טשערנישעווסקי אַריינגעלייגט זיינע אייגענע געדאַנקען):

„זאָל דער עניו פון באַפרייען די פּויערים ווערן איבערגעגעבן אין די הענט פון דער פּריצישער פּאַרטיי. דער אונטערשיד איז נישט קיין

גריסער* און אויף דער באמערקונג פון מיטשמועסער, אז פארקערט, דער אונטערשיד איז א קאלאסאלער, ווייל די פריצישע פארטיי איז קעגן דעם צוטיילן די פויערים ערד, ענטפערט ער אנטשלאסן:

„נישט קיין קאלאסאלער, א נישטיקער. ער וואלט געווען א קאלאסאלער, ווען די פויערים וואלטן באקומען די ערד און אויסקויף. צונעמען ביי א מענטשן א זאך, אדער דעם מענטשן זי איבערלאזן — איז אן אונטערשיד, נאר נעמען פאר איר באצאלט — איז אלצאיינס. דער פלאן פון דער פריצישער פארטיי אונטערשיידט זיך פון דעם פלאן פון די פראגרעסיסטן נאר דערמיט, וואס ער איז פשוטער און קורצער. דערפאר איז ער אפילו בעסער. ווייניקער דריידלעך, ווארשיינלעך, ווייניקער אויך באלאסטן פאר די פויערים. וועלכער פויער עס האט געלט, וועט זיך קויפן ערד. ווער עס האט נישט — דארף מען נישט פארפליכטן זי צו קויפן. דאס וועט הייסן בלויז זיי רואינירן. אויסקויף — איז דאס זעלבע, וואס קויפן".

ס'איזווירקלעך נייטיק געווען די געניאליטעט פון טשערנישעווסקין, כדי דעמלט, אין דער עפאכע פון דער אייגנטלעכער רעאליזירונג פון דער פויערישער רעפארם (ווען זי איז נאך נישט געווען גענוג באלויכטן אפילו אויף מערב), צו פארשטיין מיט אזא קלארקייט איר גרונטיקן בורזשואזן כאראקטער, — כדי צו פארשטיין, אז שוין דעמלט האבן געהערשט און רעגירט אין דער רוסישער „געזעלשאפט" און „מלוכה" געזעלשאפטלעכע קלאסן, וועלכע זיינען געווען אנטשלאסן פיינטלעך צום ארבעטנדיקן און וועלכע האבן אומבאדינגט באשטימט פון פאראויס די רואינירונג און עקספראפריאציע פון פויערטום. און דערביי האט טשערנישעווסקי פארשטאנען, אז די עקזיסטענץ פון א רעגירונג, וועלכע דעקט אונדזערע אנטאגאניסטישע געזעלשאפטלעכע פארהעלטענישן איז א שווידערלעך שלעכטס, וואס פארערגערט באזונדערס די לאגע פון די ארבעטנדיקע.

— „אויב זאגן דעם אמת — זעצט פאר וואלגין — זאלן זיי שוין בעסער ווערן באפרייט אן ערד".

(ד. ה. אויב די פריצים לייבאייגנטימער זיינען ביי אונדז אזוי שטארק, זאלן זיי שוין בעסער ארויסטרעטן אפן, דירעקט און דערדערן ביזן סוף, איידער אויסבאהאלטן די זעלבע לייבאייגנטימערישע אינטערעסן אונטער די קאמפראמיסן פון א צבייעוותדיקער אבסאלוטער רעגירונג).

---

*) איך ציטיר לויט פלעכאנאווס ארטיקל „נ. ג. טשערנישעווסקי" אין „סאציאל-דעמאקראט".

„די פראגע איז אזוי אוועקגעשטעלט, אז איך געפין נישט קיין סיבות צו היצן זיך אפילו דערוועגן, צי די פויערים וועלן יאָ זיין אָדער נישט זיין באפרייט; נאָך ווייניקער דערפון, ווער עס וועט זיי באפרייען, די ליבעראלן אָדער די פריצים. לויט מיר נאָך איז דאָס אלץ איינס. די פריצים אפילו בעסער".

פון דעם „ברייוו צו אן אדרעס":

„מע רעדט: באפרייען די פויערים"... וו זיינען די כוחות פאר אזא ענין? די כוחות זיינען נאָך נישט פאראן. מע דארף זיך נישט נעמען פאר קיין ענין, ווען עס דיינען נאָך פאר אים קיין כוחות נישט פאראן. און איר זעט, צו וואָס עס גייט: מע וועט אָנהייבן באפרייען. וואָס וועט דערפון ארויסקומען — משפט אליין, וואָס עס קומט ארויס, ווען דו נעמסט זיך פאר אן ענין, וועלכן דו קאָנסט נישט אויספירן. וועסט איבערפירן דעם ענין, וועט זיך באקומען א עקלהאפטע זאך.

טשערנישעווסקי האָט פארשטאנען, אז די רוסישע לייבאייגנטימער־ רישע ביוראָקראטישע רעגירונג איז נישט בכוח צו באפרייען די פויער־ רים, ד. ה. אראָפווארפן די לייבאייגנטימער, אז זי איז נאָר בכוח אָפּצו־ טאָן אן „עקלהאפטיקייט", א טעבעכדיקן קאָמפּראָמיס צווישן די אינטער־ רעסן פון די ליבעראלן (אויסקויף איז דאָס זעלבע וואָס איינקויף) און פון די פריצים, א קאָמפּראָמיס, וועלכער נארט אָפּ די פויערים מיט דער אילוזיע פון זיכערקייט און פרייהייט, און אין דער אמתן רואינירט ער זיי און גיט זיי איבער אין די הענט פון די פריצים, און ער האָט פראָ־ טעסטירט, פארשאָלטן די רעפאָרם, ווינטשנדיק, אז זי זאָל קיין דערפאָלג נישט האָבן, ווינטשנדיק, אז די רעגירונג זאָל זיך פארפלאָנטערן אין איר עקווילבריסטיק צווישן די ליבעראלן און פריצים און ס'זאָל זיך באַ־ קומען א קראך, וועלכער וואָלט ארויסגעפירט רוסלאנד אויף דעם וועג פון אָפענעם קלאסן־קאמף.

און אונדזערע היינטצייטיקע „דעמאָקראטן" איצט — ווען די גאר־ נישע פארויסזאָגונגען פון טשערנישעווסקין זיינען געוואָרן א פאקט, ווען די דרייסיק־יעריקע געשיכטע האָט אומברחמנותדיק צעשטערט אלערליי עקאָנאָמישע און פאָליטישע אילוזיעס — זינגען נאָך אלץ שבחים צו דער רעפאָרם, זעען אין איר די סאנקציע פון דער „נאציאָנאלער" פּראָדוקציע, קליגלען זיך צו שאפן פון איר באווייזן פאר דער מעגלעכקייט פון א וועלכן־ס'איז וועג, וואָס וואָלט אויסגעמיטן די געזעלשאפטלעכע קלאסן, וועלכע זיינען פיינטלעך דעם ארבעטנדיקן. איך חזר איבער. די באציונג צו דער פויערישער רעפאָרם — איז דער אָנשוילעכסטער באווייז דער־

פון, ווי אזוי אונדזערע דעמאָקראַטן האָבן זיך טיף פאַרבורזשואַזעוועט. די דאָזיקע הערן האָבן זיך גאָרנישט אויסגעלערנט, אָבער פאַרגעסן האָבן זיי זייער און זייער א סך.

„וואָס אַזוינס זיינען „די פריינד פון פאָלק"".
באַנד 1, זייט 162—164, 178—180.

## (דער שונא פון לייבאייגנטימער און ליבעראַלן)

...וואָס פאַר א קאַמף „מיט דער זעלבסטהערשאַפט" פירן אונדזערע זעמסטוועס, ליבעראַלע געזעלשאַפטן בכלל, ליבעראַלע פרעסע? צי פירן זיי א קאַמף קעגן דער זעלבסטהערשאַפט? א קאַמף פאַר אַראָפּוואַרפן די זעלבסטהערשאַפט? ניין, אזא קאַמף, האָבן זיי קיינמאָל נישט געפירט און פירן נישט. אזא קאַמף פירן בלויז די רעוואָלוציאָנערן, וועלכע קומען נישט זעלטן פון דער סביבה פון דער ליבעראַלער געזעלשאַפט און שטיצן זיך אויף די סימפּאַטיעס פון דער געזעלשאַפט. נאָר פירן א רעוואָלוציאָנערן קאַמף — דאָס איז אינגאַנצן נישט דאָס זעלבע, וואָס סימפּאַטיזירן מיט רעוואָלוציאָנערן און אַרויסווייזן זיי הילף; דער קאַמף מיט דער זעלבסטהערשאַפט איז אינגאַנצן נישט דאָס זעלבע, וואָס א לעגאַלע אָפּאָזיציע קעגן דער זעלבסטהערשאַפט. די רוסישע ליבעראַלן דריקן אויס זייער אומצופרידנקייט מיט דער זעלבסטהערשאַפט בלויז אין אזא פאָרם, וועלכע עס דערלויבט די זעלבסטהערשאַפט גופא, ד. ה. וועלכע די זעלבסטהערשאַפט אָנערקענט פאַר נישט געפערלעך פאַר דער זעלבסטהערשאַפט. דער גרעסטער אויסדרוק פון דער ליבעראַלער אָפּאָזיציע זיינען געווען בלויז די שתדלנותן פון די ליבעראַלן ביי דער צאַרישער רעגירונג וועגן צוציען דאָס פאָלק צו דער אַדמיניסטראַציע, און די ליבעראַלן האָבן געדולדיק איבערגעטראָגן יעדעס מאָל די גראָבע פּאָליציייִשע אָפּזאָגן, וועלכע עס האָבן זיך באַקומען אויף אַזעלכע שתדלנותן, האָבן איבערגעטראָגן די נישט רעכטלעכע, ווילדע פאַרפאָלגונגען, מיט וועלכע די זשאַנדאַרישע רעגירונג האָט באַלוינט אפילו פאַר רעכטלעכע פּרוּוון אַרויסצוזאָגן די אייגענע מיינונג. פאַרשטעלן די ליבעראַלע אָפּאָזיציע פּראָסט און פּשוט ווי א געזעלשאַפטלעכן קאַמף מיט דער זעלבסטהערשאַפט הייסט פּשוט פאַרקריפּלען דעם ענין, דערפאַר, ווייל די רוסישע ליבעראַלן האָבן קיינמאָל נישט מיטאָרגאַניזירט קיין רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי צו קעמפן פאַר דעם אַראָפּוואַרפן די זעלבסט־

הערשאַפט, כאָטש זיי האָבן שטענדיק געקאָנט און קאָנען געפינען פאַר דעם סיי מאַטעריעלע מעגלעכקייטן, סיי אויסלענדישע פאַרשטייער פון רוסישן ליבעראַליזם. און די ר. מ.*, נישט נאָר וואָס זי פאַרקריפּלט דעם ענין, נאָר זי טשעפּעט נאָך צו דערצו דעם נאָמען פון גרויסן רוסישן סאָציאַליסט נ. ג. טשערנישעווסקי. „די פאַרבינדעטע פון די אַרבעטער אין דעם קאַמף, שרייבט ר. מ. — זיינען אַלע פאָרגעשריטענע שיכטן פון דער רוסישער געזעלשאַפט, וועלכע פאַרטיידיקן זייערע געזעלשאַפטלעכע אינטערעסן און אינסטיטוציעס, פאַרשטייען קלאָר זייער אַלגעמיינע נוצן, פאַרגעסן נישט קיינמאָל“ (ר. מ. ציטירט טשערנישעווסקין), ווי גרויס עס איז „דער אונטערשיד צווישן דעם, צי אַ געוויסע ענדערונג ווערט געמאַכט אין הסכם מיט דעם אומאָפּהענגיקן באַשלוס פון דער רעגירונג, אָדער לויט דער פאָרמעלער פאָדערונג פון דער געזעלשאַפט“. אויב מע זאָל דעם דאָזיקן אָפּרוף צושרייבן אַלע פאַרשטייער פון „געזעלשאַפטלעכן קאַמף“, ווי עס פאַרשטייט אים ר. מ. ד. ה. אַלע רוסישע ליבעראַלן, דעמלט איז עס אַ פשוטע פעלשונג: קיין פאָרמעלע פאָדערונגען דער רעגירונג האָבן די רוסישע ליבעראַלן קיינמאָל נישט געשטעלט, און דערפאַר טאַקע האָבן די רוסישע ליבעראַלן קיינמאָל נישט געשפּילט און קאָנען בשום אופן נישט שפּילן קיין זעלבסטשטענדיקע רעוואָלוציאָנערע ראָל. פאַרבינדעטע פון אַרבעטער־קלאַס און פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע קאָנען נישט זיין אַלע „פאָרגעשריטענע שיכטן פון דער געזעלשאַפט“, נאָר בלויז די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען, וועלכע ווערן געגרינדעט דורך מיטגלידער פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט. אָבער די ליבעראַלן אין אַלגעמיין קאָנען און דאַרפן דינען בלויז אַלס איינער פון די קוואַלן פון די צוגאָבכוחות און מיטלען פאַר דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־פּאַרטיי (ווי דאָס האָט אויך געזאָגט פּ. ב. אַקסעלראָד פולשטענדיק קלאָר אין דער אויבנדערמאָנטער בראָשור). נ. ג. טשערנישעווסקי האָט טאַקע דערפאַר אומברחמנותדיק אויסגעלאַכט די „פאָרגעשריטענע שיכטן פון דער רוסישער געזעלשאַפט“, וואָס זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען די נויטווענדיקייט פון פאָרמעלע פאָדערונגען צו דער רעגירונג און גלייכגילטיק זיך צוגעקוקט צום אומקום פון רעוואָלוציאָנערן פון זייער סביבה אונטער די קלעפּ פון דער זעלבסטהערשערישער רעגירונג. די ר. מ. אין דעם פאַל ציטירט פונקט אַזוי אָן שום זין טשערנישעווסקין, ווי אָן שום זין עס זיינען די אָפּגעריסענע שטיקלעך ציטאַטן פון טשערנישעווסקין אין צווייטן

*) „ראַבאָטשאַיאַ מיסל“ („אַרבעטער־געדאַנק“). — רעד.

אַרטיקל „באַזונדערע ביילאַגע", וועלכע האָבן דעם ציל צו באַווייזן, אַז טשערנישעווסקי איז מכלומרשט נישט געווען קיין אוטאָפּיסט און אַז די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן מכלומרשט נישט אָפּגעשאַצט אין דער פולער מאָס די באַדייטונג פון „גרויסן רוסישן סאָציאַליסט". פּלעכאַנאָוו אין זיין בוך וועגן טשערנישעווסקין (אַרטיקלען אין דער זאַמלונג „סאָציאַל"־דעמאָקראַט", אַרויסגעגעבן אין אַ באַזונדער בוך אויף דייטש) האָט פולשטענדיק אָפּגעשאַצט די באַדייטונג פון טשערנישעווסקין און אויפגעקלערט זיין באַציונג צו דער טעאָריע פון מאַרקסן און ענגעלסן. דאַקעגן די רעדאַקציע פון „ראַבאָטשאַיאַ מיסל" האָט נאָר אויפגעדעקט איר אומפעיקייט צו געבן אַ וועלכערס'איז בינדיקע און אַלזייטיקע אָפּשאַצונג פון טשערנישעווסקין, פון זיינע שטאַרקע און שוואַכע זייטן.

„דער גאַנג אויף צוריק אין דער רוסישער סאָ-
ציאַל-דעמאָקראַטיע" 1899. ב. 2, ז. 66—565.

## (די פאַרגייער פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע)

...אָן אַ רעוואָלוציאָנערער טעאָריע קאָן נישט זיין קיין רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג. וויפל מע זאָל נישט באַשטיין אויף דעם דאָזיקן געדאַנק וועט אַלץ זיין נישט גענוג אין אַזאַ צייט, ווען אין פאָר מיט די מאָדישע דרשות פון אָפּאָרטוניזם, גייט דאָס ווערן מיטגעריסן מיט די שמאָלסטע פאָרמען פון פּראַקטישער טאַקטיק. און פאַר דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע ווערט די באַדייטונג פון טעאָריע נאָך שטאַרקער צוליב דריי אומשטענדן, וועגן וועלכע מע פאַרגעסט אָפט: נעמלעך: ערשטנס, צוליב דעם, וואָס אונדזער פּאַרטיי בילדעט זיך ערשט אויס, אַרבעט ערשט אויס איר פיזיאָנאָמיע און האָט נאָך ווייט נישט פאַרענדיקט די חשבונות מיט די אַנדערע ריכטונגען פון רעוואָלוציאָנערן געדאַנק, וועלכע דראָען אַראָפּצופירן די באַוועגונג פון ריכטיקן וועג. פאַרקערט, גראָד די סאַמע לעצטע צייט לאָזט זיך באַצייכענען (ווי אַקסעלראָד האָט שוין לאַנג פאַרויסגעזאָגט די עקאָנאָמיסטן) מיט אַן אויפלעבונג פון די נישט סאָציאַל־דעמאָקראַטישע ריכטונגען. ביי אַזעלכע באַדינגונגען קאָן אַ פעלער אין פלוג „נישט קיין וויכטיקער" אַרויסרופן די סאַמע טרויעריקע רעזולטאַטן, און בלויז קורצזיכטיקע מענטשן קאָנען האַלטן פאַר נישט צייטמעסיק און איבעריק פראַקציאָנעלע שטרייטן און דאָס שטרענגע אונטערשיידן צווישן ניואַנסן. פון דער פאַרפעסטיקונג פון אַזאַ אָדער אַנדער

„ניואַנס" קאָן זיין אָפּהענגיק די צוקונפט פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אויף פיל יאָר.

צווייטנס, איז די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע באַוועגונג אינטערנאַציאָנאַל, לויט איר עצם וועזן. דאָס באַדייט נישט בלויז דאָס, אַז מיר דאַרפן קעמפן קעגן נאַציאָנאַלן שאָוויניזם. דאָס באַדייט אויך, אַז די באַוועגונג, וואָס הייבט זיך אָן אין אַ יונג לאַנד, קאָן זיין דערפאָלגרייך נאָר ביי דעם באַדינג פון איבערקאָכן די דערפאַרונג פון די אַנדערע לענדער. און פאַר אַזאַ איבערקאָכן איז נישט גענוג זיך פשוט צו באַקענען מיט דער דאָזיקער דערפאַרונג אָדער פשוט איבערצושרייבן די לעצטע רעזאָלוציעס. דערצו איז נייטיק צו קאָנען קריטיש זיך באַציען צו דער דאָזיקער דערפאַרונג און זעלבסשטענדיק זי קאָנטראָלירן. ווער עס וועט זיך בלויז פאָרשטעלן, ווי גיגאַנטיש עס האָט זיך צעוואַקסן און צעצווייגט די הייַנטצייטיקע אַרבעטער־באַוועגונג, דער וועט פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ רעזערוו טעאָרעטישע כוחות און פּאָליטישע (און אויך רעוואָלוציאָנערע) דערפאַרונג עס איז נייטיק, כדי אויסצופילן די דאָזיקע אויפגאַבע.

דריטנס, די נאַציאָנאַלע אויפגאַבן פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע זיינען אַזעלכע, וואָס אַזוינע האָט נאָך נישט געהאַט קיין שום סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אין דער וועלט. אונדז וועט אויסקומען שפּעטער צו ריידן וועגן די פּאָליטישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע פליכטן, וועלכע עס ליגט אויף אונדז אַרויף די דאָזיקע אויפגאַבע — די אויפגאַבע פון באַפרייען דאָס גאַנצע פאָלק פון אונטער דער יאָך פון זעלבסטהערשאַפט. איצט ווילן מיר בלויז אָנווייזן, אַז די ראָל פון אַ פאָרגעשריטענעם קעמפער קאָן אויספילן בלויז אַ פּאַרטיי, וואָס ווערט אָנגעפירט דורך אַ פאָרגעשריטענע טעאָריע. און כדי כאָטש וויפל נישט אין זיך פאָרצושטעלן קאָנקרעט, וואָס דאָס באַדייט, זאָל דער לייענער זיך דערמאָנען וועגן אַזעלכע פאָרויסגייער פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, ווי הערצען, בעלינסקי, טשערנישעווסקי און די גלענצנדיקע פּלעיאַדע רעוואָלוציאָנערן פון די 70־ער יאָרן; זאָל ער אַ טראַכט טאָן וועגן דער אַלוועלטלעכער באַדייטונג, וועלכע עס באַקומט איצט די רוסישע ליטעראַטור; זאָל ער... נאָר דאָס אַליין איז שוין גענוג!

„וואָס טאָן" 1902, ב. 4, זייט 381—380.

## (איינער פון די ערשטע סאציאליסטן אין רוסלאנד)

...וועגן דער פויערישער „באפרייונג" און פארשאלטענעם „אויסקויף" פון יאר 1861 האט דער גרויסער רוסישער שרייבער, איינער פון די ערשטע סאציאליסטן אין רוסלאנד, א פארפייניקטער דורך די הענקער פון דער רעגירונג, ניקאלײ גאווריליאוויטש טשערנישעווסקי, געשריבן: עס וואלט שוין בעסער געווען א פרייוויליקער אפמאך צווישן די פויערים און די פריצים, איידער אזא „באפרייונג מיט אויסקויף" דורך די פריצישע גובערניאלע קרייז־קאמיטעטן. ביי א פרייען אפמאך פון אויסקויף פון דער ערד, וואלט מען די פויערים נישט געקאנט אזוי אפשינדן, ווי מען האט זיי אפגעשינדן דורך דער פארמיטלונג פון דער רעגירונגס־„פשרה" צווישן די פויערים און די פריצים.

„א פראיעקט פון א רעדע איבער דער אגראר־פראגע אין דער צווייטער מלוכה-דומע"
1907, באנד 11, זייט 115—114.

## וועגן סאלטיקאוו — שטשעדרין

### (פון ארטיקל „צום אנדענק פון גראף הײדען")

די גאנצע פראגרעסיווע פרעסע האט אויסגעדריקט איר טיפן מיט־געפיל צום שווערן פארלוסט, וועלכן רוסלאנד האט געליטן אין דער פערזאן פון פ. א. הײדען. די פרעכטיקע געשטאלט פון פיאטר אלעקסאנ־דראוויטש האט צוגעצויגן צו זיך אלע ארנטלעכע מענטשן אן אונטער־שיד פון פארטייען און ריכטונגען. א זעלטענער און גליקלעכער גורל!!!" עס קומט א ברייטער ציטאט פון דער רעכטס־קאדעטישער צייטונג „רוסקיע וויעדאמאסטי", אין וועלכן עס אנטציקט זיך מיטן לעבן און מיט דער טעטיקייט פון דעם „וווּנדערבארן מענטש" דער פירשט פאוו. דמ. דאלגארוקאוו, איינער פון דער גזע דאלגארוקאווס, וואס זיינע פאר־שטייער האבן גלייך אויפגעדעקט די ווארצלען פון זייער דעמאקראטיזם! בעסער פרידלעך דורכקומען מיט די פויערים, איידער זיך דערווארטן, אז זיי זאלן אליין זיך נעמען די ערד... „מיר טיילן טיף די געפילן פון טרויער, וועלכע דער טויט פון גראף הײדען האט ארויסגערופן ביי יעדן, וואס איז געווינט צו אכטן דעם מענטש, אין וואס פאר א פארטייאישער קליידונג ער זאל נישט דערשיינען, און דער פארשטארבענער הײדען איז נעמלעך געווען פריער פאר אלץ א מענטש".

אזוי שרייבט די צייטונג „טאָוואַרישטש"* נומ. 296, דינסטיק דעם 19־טן יוני 1907 יאָר.

...היידען איז געווען א מענטש א געבילדעטער — פארבליבען זיך אונדזערע סאָלאָן־דעמאָקראטן. יאָ, מיר האָבן דאָס שוין אָנערקענט און אָנערקענען עס גערן, אז ער איז געווען געבילדעטער און קלוגער (דאָס איז נישט שטענדיק פאראייניקט מיט בילדונג) פון די דעמאָקראטן גופא, ווייל ער האָט בעסער פארשטאנען די אינטערעסן פון זיין קלאס און פון זיין קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער געזעלשאפטלעכער באוועגונג, איידער איר, — הערן פון „טאָוואַרישטש", פארשטייט די אינטערעסן פון דער באפרייערישער באוועגונג. דער געבילדעטער קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער פריץ האָט געקאָנט דעליקאט און כיטרע פארטיידיקן די אינטערעסן פון זיין קלאס, ער האָט קונציק צוגעדעקט מיט א שלייער פון אויבעלע ווערטער און אויסערלעכער דזשענטלמענישקייט די גיריקע שטרעבונגען און חייהשע אפעטיטן פון די לייבאייגנטימער, באשטאנען (פאר סטאָליפינען[28]) דערויף, אז מע זאָל די דאָזיקע אינטערעסן ארומנעמען מיט די סאמע ציוויליזירטע פאָרמען פון קלאסן־הערשאפט. זיין גאנצע בילדונג האָט היידען און ענלעכע צו אים געבראכט אויף דעם מזבח פון דינען די פריצישע אינטערעסן. פאר אווירקלעכן דעמאָקראט, און נישט פאר קיין „ארנטלעכן" כאם פון די רוסישע ראדיקאלע סאלאָנען וואָלט דאָס געקאָנט דינען אלס פרעכטיקע טעמע פאר א פובליציסט, וועלכער באווייזט דאָס פראָסטיטואירן זיך פון דער בילדונג אין דער היינטציטיקער געזעלשאפט.

ווען א „דעמאָקראט" פלוידערט וועגן בילדונג, ווייל ער ארויסרופן אין געדאנק פון לייענער א פאָרשטעלונג וועגן רייכע קענטעניש, וועגן א ברייטן באנעם, וועגן דער אויסאיידלונג פון פארשטאנד און הארץ. פאר די הערן היידענס איז בילדונג — א לייכטער לאקיר, א דרעסירן און איינאיבן זיך אין דזשענטלמענישע פאָרמען אויף צו באארבעטן די סאמע גראָבע און סאמע ברודיקע פאָליטישע געשעפטן. ווייל דער גאנצער אָקטיאבריזם,[29]) די גאנצע „מירנאָאָבנאָוולענסטווא"[30]) פון היידענען, אלע אונטערהאנדלונגען זיינע מיט סטאָליפינען נאָכן צעטרייבן די 1־טע דומע האָבן אין תוך באטייט באארבעטן דאָס סאמע גראָבע און ברודיקע געשעפט אין איינאָרדענען עס וואָס זיכערער, כיטרער, קונ־

*) א צייטונג אין קאדעטישן גייסט, אין וועלכער עס האָבן זיך אקטיוו באטייליקט די מענשעוויקעס — רעד.

ציקער, שטארקער פון אינעווייניק, אומבאמערקבארער פון אויסנווייניק, פארטיידיקן די רעכט פון די אידעלע רוסישע פריצים אויפן חשבון פון דעם בלוט און שווייס פון מיליאנען „פויערים־קעפ", באדייבטע דורך די היידענס שטענדיק און אומאויפהערלעך, סיי ביז דעם יאר 1861, סיי אין דעם יאר 1861, סיי נאך דעם יאר 1861, סיי נאך דעם יאר 1905.

נאך נעקראסאוו און סאלטיקאוו האבן געלערנט די רוסישע געזעלשאפט צו דערקענען אונטער דער צוגעגלעטער צוגעשמירטער אויסערלעכקייט פון געבילדעטן פריץ־ליבעראל־אינטימער זייער חיהשע אינטערעסן, האבן געלערנט פיינט צו האבן די צביעות און נשמהלאזיקייט פון ענלעכע טיפן, און דער היינטצייטיקער רוסישער אינטעליגענט, וועלכער האלט זיך פאר דעם אפהיטער פון דער דעמאקראטישער ירושה, וועלכע געהערט צו דער קאדעטישער פארטיי,* אדער צו די קאדעטישע נאכלויפער, לערנט דעם פאלק כאמישקייט און אנטציקט זיך מיט דער אביעקטיוויקייט פון אן אומפארטייאישן דעמאקראט. א בילד, וואס איז שיר נישט מער עקלהאפט איידער דאס בילד פון דובאסאווס[31] און סטאר ליפינס העלדישקייטן.

— היידען איז געווען א „מענטש" — פארכלינעט זיך פון אנטציקונג דער סאלאן־דעמאקראט. היידען איז געווען הומאניטאר. דאס דאזיקע אנטציקן זיך מיט דער הומאניטארישקייט פון היידענען צווינגט אונדז צו דערמאנען נישט בלויז נעקראסאוון און סאלטיקאוון, נאר אויך די „פארצייכענונגען פון א יעגער" פון טורגעניעוון. פאר אונדז שטייט א ציוויליזירטער, געבילדעטער פריץ, א קולטורעלער, מיט איידעלע פארמען פון באנעמען זיך, מיט אן אייראפעישן גלאנץ. דער פריץ איז מכבד דעם גאסט מיט וויין און פירט דערהויבענע שמועסן. „פארוואס איז דער וויין נישט אנגעווארעמט?" — פרעגט ער דעם לאקיי. דער לאקיי שוויגט און ווערט בלאס. דער פריץ קלינגט און נישט אויפהייבנדיק די שטים, זאגט ער צו דעם אריינגעקומענעם דינער „וואס איז שייך פעדארן... פארארדענען"**.

---

*) די קאדעטן האבן ארויסגעוויזן הונדערט מאל מער קנעכטשאפט אין דער אפשאצונג פון היידענען, איידער די הערן פון „טאווארישטש", מיר האבן גענומען די לעצטע ווי א מוסטער פון „דעמאקראטיזם" ביי „ארנטלעכע מענטשן" פון דער רוסישער „געזעלשאפט".

**) „דער טורגעניעווער פריץ", דער פענאנקין פון דער דערציילונג בירגערמייסטער אין די „פארצייכענונגען פון א יעגער".

אַט האָט איר אַ מוסטערל פון היידעניִשער „הומאַניטאַרישקייט", אָדער הומאַניטאַרישקייט אַלאַ היידען. טורגעניעווס פריץ איז אויך אַ „הומאַניטאַריער" מענטש... אין פאַרגלייך מיט סאַלטיטשיכען, למשל, אויף אַזוי פיל הומאַניטאַר, אַז ער גייט נישט אַליין אין שטאַל זיך צוקוקן, צי מען האָט גוט דורכגעפירט די פאַראָרדנונג צו שמייסן פעדאָרן. ער איז אויף אַזוי פיל הומאַניטאַר, אַז ער זאָרגט נישט וועגן אויסוויינקן אין געזאַלצן וואַסער די ריטער, מיט וועלכע מען שמייסט פעדאָרן. ער אַליין, דער דאָזיקער פריץ, וועט זיך נישט דערלויבן אַ קלאַפּ צו טאָן, אָדער אויסצוזידלען דעם לאַקיי, ער „פאַראָרדנט" נאָר פון דער וויטנס, ווי אַ געבילדעטער מענטש, מיט אײדעלע הומאַניטאַרע פאָרמען, אָן רעש, אָן סקאַנדאַל, און „עפנטלעכער דעמאָנסטראַציע".

פונקט אַזאַ איז די הומאַניטאַרישקייט פון היידעטען. ער אַליין האָט זיך נישט באַטייליקט אינעם שמייסן און פאַרפייניקן די פויערים צוזאַמען מיט די לוזשעטאַווסקיס און פילאַנאַווס. ער איז נישט געפאָרן אין די שטראָף־עקספּעדיציעס צוזאַמען מיט די רענענקאַמפּס [32]) און מעלער־זאַקאָמאַלסקיס. [33]) ער האָט נישט דורכגעפירט די צעשיסונגען אין מאָסקווע צוזאַמען מיט די דובאַסאָווס. ער איז געווען אויף אַזויפיל הומאַניטאַר, אַז ער האָט זיך אָפּגעהאַלטן פון ענלעכע העלדנטאַטן, איבערלאָזנדיק פאַר ענלעכע העלדן פון דעם אַלרוסישן „שטאַל" אַרויסצוגעבן „פאַראָרדנונגען" און אָנפירנדיק אין דער שטיל פון זיין פרידלעכן און קולטורעלן קאַבינעט מיט דער פּאָליטישער פּאַרטיי, וועלכע האָט געשטיצט די רעגירונג פון די דובאַסאָווס און, וואָס איר פירער האָבן געטרונקען פאַרן געזונט פון דובאַסאָוון, דעם זיגער פון מאָסקווע...

צי איז דאָס ווירקלעך נישט הומאַניזם: שיקן די דובאַסאָווס „צו פאַראָרדנען וועגן די פעדאָרס", אָנשטאָט דעם, ער זאָל אַליין זיין אַנוועזנד אין שטאַל? פאַר די אַלטע זקנות, וועלכע פירן דעם פּאָליטישן אָפּטייל אין אונדזער ליבעראַלער און דעמאָקראַטישער פּרעסע, איז דאָס אַ מוסטער פון הומאַניטאַרישקייט... — אַ גאָלדענער מענטש געווען, קיין פליג נישט באַליידיקט! „אַ זעלטענער און גליקלעכער גורל". די דובאַסאָווס אונטערשטיצן, פון דער פרוכט פון די דובאַסאָווישע מעשים געניסן און פאַר די דובאַסאָווס נישט פאַראַנטוואָרטלעך זיין.

דער סאַלאָן דעמאָקראַט האַלט פאַר דעם העכסטן אויסדרוק פון דעמאָקראַטיזם דאָס זיפצן וועגן דעם, פאַרוואָס עס פירן נישט אָן מיט אונדז קיין היידענס (ווייל דעם דאָזיקן סאַלאָן־טיפּ פאַלט גאָרנישט

אין דער גערעכטיקייט אונטער ״נאַטירלעכער״ באַרטיילונג פון דער אַרבעט צווישן היידען און די דובאַסאָוום). הערט:

„און וואָס פֿאַר אַ שאָד, וואָס ער (היידען) איז געשטאָרבן גראָד איצט, ווען ער וואָלט געווען אַ נוצלעכער ווי ווען עס איז. איצט וואָלט ער גע־קעמפֿט מיט די עקסטרעם־רעכטע, אַנטפּלעקנדיק די שענסטע זייטן פֿון זיין נשמה, פֿאַרטיידיקנדיק די קאָנסטיטוציאָנעלע פּרינציפּן מיט דער גאַנצער ענערגיע און דערפינדערישקייט, וועלכע זיינען אים געווען אייגן״. („טאָ־וואַרישטש״ נומ. 299, פֿרייטיק דעם 22־טן יוני. „צום אָנדענק פֿון גראַף היידען״. אַ קאָרעספּאָנדענץ פֿון פּסקאָווער גובערניע).

אַ שאָד, וואָס דער געבילדעטער און הומאַניטאַרער מירנאָבנאָווער לענינע היידען האָט נישט צו מיט זיינע קאָנסטיטוציאָנעלע פּראַזן די נאַקעטקייט פֿון דער 3־טער אָקטיאַבערישער דומע, די נאַקעטקייט פֿון דער זעלבסטהערשאַפֿט, וועלכע מאַכט די דומע צו נישט! די אויפֿגאַבע פֿון אַ „דעמאָקראַט״־פּובליציסט איז נישט דאָס צערייסן די ליגנערישע שלייערס, דאָס ווייזן דעם פֿאָלק זיינע שונאים, וואָס פייניקן אים אין זייער גאַנצער נאַקעטקייט, נאָר באַדויערן די אָפּוועזנהייט פֿון די אויס־געפּרוווטע צבועקעס, וועלכע באַשיינען די רייען פֿון די אָקטיאַבריסטן...

וואָס איז דער פֿיליסטער? אַיין האָהלער דאַרם, פֿאָלל פֿורכט אונד האָפֿפֿנונג, דאַסס גאָטט ערבאַרם! וואָס איז אַזוינס אַ פיליסטער? אַ הוילע קישקע, פֿול שרעק און האָפֿנונג, אַז גאָט וועט זיך דערבאַרעמען. וואָס איז אַזוינס אַ רוסישער, ליבעראַל־דעמאָקראַטישער פיליסטער פֿון קאַדעטישן און אַרום קאַדעטישן לאַגער? אַ הוילע קישקע, פֿול שרעק און האָפֿנונג, אַז דער קאָנטרעוואָלוציאָנערער פּריץ וועט זיך דערבאַרעמען!

„צום אָנדענק פֿון גראַף היידען״. 1907. באַנד 12, זייט 11—5.

## (מ. יע. סאַלטיקאָוו און וו. זוערעסאַיעוו וועגן דער לאַגע פֿון פֿויער אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט)

מיט זיינען צוויי אָפּרופֿן וועגן דעם לעבנס־ניוואָ און וועגן די לעבנס־באַדינגונגען פֿון רוסישן פֿויער אין אַלגעמיין. מ. יע. סאַלטיקאָוו שרייבט אין די „קליינלעכקייטן פֿון לעבן״ וועגן דעם „באַלעבאַטישן פֿויערל״... „דעם פֿויערל איז אַלץ נייטיק; נאָר מער פֿון אַלץ איז אים נייטיק... די פֿעיקייט זיך צו מאַרדעווען, נישט צו חשאַלעווען די אייגענע מי...

דאָס באַלעבאַטישע פויערל קומט פראָסט און פשוט אום ביי מיר" (ביי דער אַרבעט). „און די פרוי און די דערוואַקסענע קינדער, אַלע מוטשען זיך ערגער, ווי אויף קאַטאָרגע".

אין אַרטיקל „ליזאַר" („סעווערני קורייער" 1899 נומער 1) דערציילט וו. ווערעסאַיעוו וועגן דעם פויער פון פּסקאָווער גובערניע, ליזאַר, וועלכער האָט געפּרעדיקט צו באַנוצן זיך מיט טראָפּנס און ד. גל., כדי צו „פאַרקירצן דעם מענטשן". „שפּעטער — באַמערקט דער אויטאָר — האָב איך פון אַ סך זעמסקע דאָקטוירים און באַזונדערס אַקושערקעס נישט איינמאָל געהערט, אַז זיי קומט אויס אָפט האָבן צו טאָן מיט ענלעכע ביטעס פון דאָרפישע מענער און פרויען". „דאָס לעבן, וואָס באַוועגט זיך אין אַ באַשטימטער ריכטונג, האָט אויסגענוצט אַלע וועגן און סוף כל סוף אַריין אין אַ בלינד געסל. קיין אַרויסגאַנג פון דעם געסל איז נישטאָ. און אָט ציכנט זיך אָן אויף אַ נאַטירלעכן אופן און עס ווערט אַלץ מער רייף אַ נייע לייזונג פון דער פראַגע".

די לאַגע פון פויער אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט איז ווידקלעך אַזוי שוועריג און פירט „נאַטירלעך" אין רוסלאַנד פון קהלשן עהוד-באַזיץ, [34]) ווי אין פאַרצעלירטן פראַנקרייך, צו אַן אומנאַטירלעכן... נישט „לייזונג פון דער פראַגע", פאַרשטענדלעך, נאָר צו אַן אומנאַטירלעכן מיטל פון אָפּרוקן דעם אונטערגאַנג פון דער קליינער ווירטשאַפט.

באַמערקונג פון י. וו. לענין אין בוך „די
אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם אין רוסלאַנד",
1899, באַנד 3, זייט 207—208.

## (שטשעדרין וועגן דעם פראַנקרייך, וואָס האָט צעשאָסן די קאָמונאַרן)

...וואַסיליעוו איז אַן אַנגעזעענער מענשעוויק. ער האָט געאַרבעט צוזאַמען מיט די מענשעוויקעס און דערביי נישט מיט קיין צופעליקע מענשעוויקעס ערגעץ אין אַ העק, נאָר מיט די סאַמע אָנגעזעענע און סאַמע פאַראַנטוואָרטלעכע מענשעוויקעס. די מענשעוויקעס האָבן דערויבער נישט קיין רעכט צו באַציען זיך מיט פאַראַכטונג צו וואַסיליעוון.

...קלאַפּנדיק אין דער פלייצע די „פלעכאַנאָווס", שטעלן די וואַסיליעווס אַוועק דעם ענין קלאָר. די אויטאָרן פון „קרעדאָ" אין יאָר 1899, די העלדן פראָקאָפּאָוויטשעס עט קאָמפּ. האָבן גערעדט פון אַ ריין-אַרבעטנדיקער באַוועגונג אָן דעם רעוואָלוציאָנערן באַציל. די וואַ-

ביליעווס רעדן ווענן א רעוואָלוציע, וועלכע האָרף געבוירן די „קאָנסטי־
טוציע", און גאָר, געבוירן אָן קיין שום אקושאָרן, אָן רעוואָלוציאָנערן.
די אָפּוועזנהייט פון אקושאָרן, די אָפּוועזנהייט פון רעוואָלוציאָנערן, די
אָפּוועזנהייט פון א רעוואָלוציאָנער פאָלק, — דאָס איז דער לאָזונג פון
וואסיליעוון.

שטשעדרין האָט אויף א קלאסישן אופן אויסגעלאכט אמאָל דאָס
פראנקרייך, וואָס האָט צעשאָסן די קאָמונארן, דאָס פראנקרייך פון די באנ־
קירן, וועלכע זיינען געקראָכן פאר די רוסישע טיראנען, ווי א רעפּובליק
אָן רעפּובליקאנער. ס'איז צייט, אז ס'זאָל געבוירן ווערן א נייער שטשעד־
רין, כדי אויסצולאכן וואסיליעוון און די מענשעוויקעס, וועלכע פאַרטיי־
דיקן די רעוואָלוציע מיט דער הילף פון א לאָזונג פון „אָפּוועזנהייט"
פון רעוואָלוציאָנערן, פון „אָפּוועזנהייט" פון רעוואָלוציע.

(„פּלעכאַנאָוו און וואסיליעוו". 1907, ב. 10,
זייט 238—239).

## (די געמיינקייט פון דעם קאַדעטישן יודאַשקע גאָלאָוולעוו)

דער קאַדעטישער „ריעטש" לויבט אויס די טאַקטיק פון „איינהייטן
די דומע" מיט אזעלכע אויסדרוקן, וועלכע מע וואָלט באדאַרפט פאַר־
אייביקן ווי פערל פון געמיינקייט. הערט בלויז: „וואָרן אויב די דומע
לעבט, איז זי דאָך א באוווסטזיניקע פּרובע פון אייערע (פון דער אָפּאָ־
זיציע) אָנשטרענגונגען. דאָס איז דאָך דער ערשטער ממשותדיקער רעזו־
לטאַט פון דעם אריינמישן זיך פון אייער ווילן אין די געשעענישן.
די דאָזיקע „אָפּוועזנהייט" פון פאַקטן איז דאָך פאַר זיך אליין א פאַקט
פון גרויסער וויכטיקייט, איז א רעאַליזירונג פון א פּלאַן, וואָס איז דורך
אייך פאַרקלערט און אויסגעפירט געוואָרן".

א שאָד, וואָס שטשעדרין האָט נישט דערלעבט צו דער „גרויסער"
רוסישער רעוואָלוציע. ער וואָלט, וואַרשיינלעך, צוגעגעבן א ניי קאַפּיטל
צו די „הערן גאָלאָוולעוום", ער וואָלט געשילדערט יודאַשן, וועלכער
באַרואיקט דעם געשמיסענעם, צעשלאָגענעם, הונגעריקן און פאַרקנעכ־
טעטן פויער: דו וואַרטסט אויף א פאַרבעסערונג? דו ביסט אנטוישט
צוליב דעם, וואָס עס קומט נישט פאַר קיין שום ענדערונג אין דער אָר־
דענונג, וועלכע האַלט זיך אויף הונגער, אויף צעשיסונגען פון פאָלק,
אויף דער רוט און נאַהייקע? דו קלאָגסט זיך אויף דעם „מאַנגל פון

פאקטן"? אומדאנקבארער! נאר דער דאזיקער מאנגל פון פאקטן איז דאך אליין א פאקט פון גרויסער וויכטיקייט! דאס איז דאך דער באוווסט־זיניקער רעזולטאט פון דעם אריינמישן זיך פון דעם ווילן, וואס די ליד־וואליים באלעבאטעווען ווי פריער, וואס די פויערים ליגן זיך רוהיק אונ־טער די ריטער, נישט איבערגעבנדיק זיך צו די שעדלעכע טרוימען וועגן דער „פאעזיע פון קאמף".

די שוואַרצמאהניקעס איז שווער צו האסן: דאס געפיל איז דא ווי אפגעשטארבן, ווי עס שטארבט אפ, לויט ווי מען זאגט אויף דער מלחמה נאך א לאנגע ריי פון שלאכטן, נאך א לאנגער דערפארונג פון שיסן אין מענטשן, פון זיין צווישן אויפרייסנדיקע גראנאטן און פייפנדיקע קוילן. מלחמה איז מלחמה, — און מיט די שוואַרצמאהניקעס גייט און אפענע, אומעטומיקע, געוויינלעכע מלחמה.

נאר דער קאדעטישער יודאש גאלאווליעוו איז פעיק אויפצווועקן דעם סאמע ברענענדיקסטן געפיל פון שנאה און פאראכטונג. ווארום דעם דאזיקן „ליבעראלן" פריץ און בורזשואזן אדוואקאט הערן אפילו די פויערים. ווארום ער שיט דאך באמת זאמד אין די אויגן פון פאלק, טעמפט ווירקלעך אפ די מוחות!...

מיט די קרושעוואנס קאן מען נישט קעמפן מיט ווערטער, מיט דער פעדער, מיט זיי קומט אויס אנדערש צו קעמפן. קעמפן מיטן ווארט, מיט דער פעדער קעגן דער קאנטררעוואלוציע הייסט, פריער פאר אלץ, דער־מאסקירן די צומערסטן עקלהאפטע צביעקעס, וועלכע באזינגען אין נאר מען פון „פאלקס־פרייהייט", אין נאמען פון „דעמאקראטיע" די פאלי־טישע סטאגנאציע, דאס שווייגן פון פאלק, די דערשלאגנקייט פון בירגער, וועלכער האט זיך פארוואנדלט אין א באלעבעסל, „דעם מאנגל אין פאקטן". קעמפן דארף מען מיט יענע ליבעראלע פריצים און בורזשואזע אדוואקאטן, וועלכע זייגען פילשטענדיק צופרידן דערמיט, וואס דאס פאלק שווייגט און וואס זיי קאנען אומבאשטראפט און אן מורא מאכן דעם אנשטעל פון „מלוכה־מענער", טרייבנדיק שמן־זית־דיקע שלום־רייד אויף די, וואס רעגן זיך אויף „אומטאקטיש" צוליב דער הערשאפט פון דער קאנטררעוואלוציע.

צי קאן מען רויק הערן און איבערלאזן אן א שמייסנדיקן ענטפער אזעלכע רעדעס:

„דעם טאג, ווען די דעבאטן אין טאווריטשן פאלאץ וועלן אויסזען פונקט אזא אומפארמיידלעכע געוויינהייט פון טאג, ווי א מיטאג ביי טאג און א טעאטער אין אוונט, ווען דער פראגראם פון טאג וועט אינטערעסירן נישט אלע צוזאמען, נאר די אדער אנדערע ספעציעל (!!), ווען די דע־

באַטן איבער דער אַלגעמיינער פּאָליטיק, וועלן ווערן אַן אויסנאַם, און דאָס איבן זיך אין אינהאַלטסלאָזן שווינדעלדעריי וועט פאַקטיש ווערן אומ-מעגלעך מחמת דעם מאַנגל פון צוהערער — דעם טאָג וועט מען קאָנען באַ-גריסן, ווי דעם טאָג פון ענדגילטיקן נצחון פון אַ רעפּרעזענטאַנץ-הער-שאַפט אין רוסלאַנד".

דאַ ביסטו עס, יודאַשקע! דער טאָג, ווען די געשמיסענע וועלן אַנשטאָט „דעבאַטן", שווייגן, פאַרלירנדיק דעם באַוווסטזיין, ווען די אַלטע פּריצישע מאַכט (געשטאַרקט דורך די ליבעראַלע רעפאָרמען) וועט זיין פּונקט אַזוי פאַרזיכערט פאַר די פּריצים, ווי פאַרזיכערט עס איז פאַר די ליבעראַלע יודאַשן דער מיטאָג ביי טאָג און דער טעאַטער אין אָוונט — דער דאָזיקער טאָג וועט זיין דער טאָג פון ענדגילטיקן נצחון פון „פאָלקס-פרייהייט". דער טאָג, ווען די קאָנטררעוואָלוציע וועט ענד-גילטיק פייערן איר נצחון, וועט זיין דער טאָג פון ענדגילטיקן נצחון פון דער קאָנסטיטוציע...

אַזוי איז געווען ביי אַלע אייראָפּעישע פאַראַטן פון דער בורזשוואַזיע. אַזוי וועט זיין... צי וועט אַזוי זיין, מיינע הערן, אין רוסלאַנד?

„די זיגערישע געמיינהייט אָדער די קאָדעטי-זירנדיקע זיך עס-ערן". 1907, באַנד 11, זייט 158—160.

## (די סאַטירע פון שטשעדרינען און די ליבעראַלן)

דאָס שענדלעך באַרימטע בוך „וועכי", וואָס האָט געהאַט אַ ריי-זיקן דערפאָלג צווישן דער ליבעראַל-בורזשוואַזער געזעלשאַפט, וואָס איז דורכגעדרונגען דורך און דורך מיט רענעגאַטישע שטרעבונגען, האָט אַרויסגערופן נישט קיין גענוגנדיקן ווידערשטאַנד און נישט קיין גענו-גנדיקן-טיפע אָפּשאַצונג אין לאַגער פון דער דעמאָקראַטיע.

טיילווייז איז דאָס געשען דערפאַר, וואָס די צייט פון די דערפאָלגן פון „וועכי" איז אויסגעפאַלן גראָד דעמאָלט, ווען די „אָפענע" דעמאָ-קראַטישע פּרעסע איז געווען כמעט אינגאַנצן דערדריקט.

איצט טרעט אַרויס דער הער טשעפּעטיעוו אין „רוסקאַיאַ מיסל"* (אויגוסט) מיט אַ באַגייסטערן אויפלאַגע פון „וועכיאַוואַטשינע". דאָס איז פולשטענדיק נאַטירלעך מצד אַן אָרגאַן פון די וועכיאַווצעס, וועלכער איז רעדאַגירט דורך דעם הויפּט פון די רענעגאַטן, דורך דעם הער פּ. ב.

*) „רוסישער געדאַנק". — רעד.

סטרוווע. [35]) נאָר פּונקט אַזוי נאַטירלעך וועט עס זיין מצד דער דעמאָ־קראַטיע, באַזונדערס פון דער אַרבעטער־דעמאָקראַטיע, אויב זי וועט איצט דעקן כאָטש טיילווייז דאָס, וואָס זי איז געבליבן שולדיק די „וויער־כאָוצעס”.

1

דער הער טשעפּעטיעוו טרעט אַרויס פאָרמעל מיט אַ באַשיידענעם „בריוו פון פראַנקרייך” — וועגן די רוסישע אין פּאַריז. נאָר אונטער דער דאָזיקער באַשיידענער פאָרם, באַהאַלט זיך אויס אין דער ווירקלעכקייט אַ פולשטענדיק באַשטימטע „אָפּהאַנדלונג” וועגן דער רוסישער רעוואָלוציע פון 1905־טן יאָר און וועגן דער רוסישער דעמאָקראַטיע.

„אַלע געדענקען נאָך — שרייבט דער ווייענאָווייעץ — דאָס דאָזיקע אומרואיקע — אָט ווי! פאַר וועמען אומרואיק, חשובער הער ליבע־ראַל?), צעדודערטע און דורכאויס פאַרפלאָנטערטע יאָר פון 1905”.

„דאָס אומרויקע און דורכאויס פאַרפלאָנטערטע”! וויפל שמוץ און בלאָטע דאַרף זיין אין דער נשמה פון אַ מענטשן, וועלכער איז פעיק אָנצושרייבן אַזעלכע ווערטער. די דייטשישע קענער פון דער רעוואָלו־ציע פון 1848־טן יאָר האָבן דאָס דאָזיקע יאָר אָנגערופן „אומזיניק” יאָר. דעם זעלבן געדאַנק, אָדער ריכטיקער, דעם זעלבן טעמפּן געמיינעם פחד דריקט אויס דער רוסישער קאַדעט פון „רוסקאַיאַ מיסל”.

מיר וועלן אים אַנטקעגנשטעלן בלויז עטלעכע, די צומיינסטן אָבּ־יעקטיווע און צומיינסטן „באַשיידענע” פאַקטן. דער לוין פון די אַרבעטער האָט זיך אין דעם יאָר געהעכערט, ווי קיינמאָל. די אַרענדע־פּרייזן אויף ערד זיינען געפאַלן. אַלע פאָרמען פון אַרבעטער־פאַריניקונג — ביז דער הויז־דינערשאַפט — זיינען געוואַקסן מיט אַן אומדערהערטן דערפאָלג. דאָס פאָלק, די מאַסע, דער עולם, די „אונטערשטע שיכטן” האָבן גע־לייענט מיליאָנען ביליקע אויסגאַבן אויף פּאָליטישע טעמעס מיט אַזאַ זשעדנעקייט, ווי מע האָט נאָך קיינמאָל ביז איצט נישט געלייענט אין רוסלאַנד.

נעקראַסאָוו האָט אויסגערופן אין די לאַנג־לאַנג פאַרגעסענע צייטן!

...צי קומען וועט די צייט
(קום, אַ, קום, געגאַרטע!)
ווען ס'פאָלק וועט נישט בליכערן
און נישט אַ לאָרד אַ נארישן —
ביעלינסקין און גאָגאָלן
טראָגן פונעם מאַרק?

די צייט, וועלכע עס האט באטערט איינער פון די אלטע רוסישע דעמאקראטן, איז געקומען. די סוחרים האבן געווארפן דאס מסחרן מיט האבער און אנגעהויבן פירן א מער רווחימדיקן האנדל — מיט דער דעמאקראטישער ביליקער בראשור. דאס דעמאקראטישע בוך איז געווארן א באזאר־פראדוקט. מיט די אידייען פון ביעלינסקין און גאגאלן, וועלכע האבן די דאזיקע שרייבער געמאכט טייער נעקראסאוון — ווי יעדן ארנטלעכן מענטש אין רוסלאנד — איז געווען דורכגעדרונגען דורך און דורך די דאזיקע נייע באזאר־ליטעראטור...

...וואס פאר „אן אומארדנונג", — האט אויסגערופן דער ליבעראלער חזיר, — וועלכער האלט זיך פאר א געבילדעטן, און אין דער ווירקלעכקייט איז ער א שמוציקער, עקלהאפטער, אנגעפרעסענער און זעלבסטצופרידענער, — ווען ער האט דערזען אויף דער אמת, ווי דאס „פאלק" טראגט פון באזאר דעם בריוו פון ביעלינסקין צו גאגאלן.

און, אייגנטלעך גערעדט, איז האך דאס אן „אינטעליגענטישער" בריוו — האבן די „וויעכי" דערקלערט אונטער דעם דונער פון אפלאדיסמענטן פון ראזאנאוו־נאוואוורעמיעניעץ און אנטאני וואלינסקי.

וואס פאר א שענדלעך בילד! — וועט זאגן דער דעמאקראט פון די בעסערע פאלקיסטן, וואס פאר א באליידיקנדיק בילד! — ווען מיר צוגעבן. ווי ניכטערט עס אוים די, וועלכע האבן סענטימענטאל געקוקט אויף די פראגן פון דעמאקראטיע, ווי פארהארטעוועט עס אלץ, וואס איז לעבעדיק און שמארק צווישן דער דעמאקראטיע, אויסקערנדיק אומבארמהנתדיק די פוילע פריציש־אבלאמאווישע אילוזיעס!

אנטוישן זיך אין ליבעראליזם איז זייער א נוצלעכע זאך פאר דעם, וואס איז ווען־עס־איז געווען פון אים באצויבערט. און דער, וואס וועט וועלן זיך דערמאנען די אלטע געשיכטע פון רוסישן ליבעראליזם, דער וועט שוין אין דער באציונג פון ליבעראל קאאוועלין צום דעמאקראט טשערנישעווסקי דערזען דאס פינקטלעכסטע פארבילד פון דער באציונג פון דער קאדעטישער פארטיי פון ליבעראלע בורזשויען צו דער רוסישער דעמאקראטישער מאסן־באוועגונג. די ליבעראלע בורזשואזיע אין רוסלאנד „האט זיך געפונען", אדער בעסער געזאגט, האט געפונען איר עק. צי איז שוין נישט צייט, אז די דעמאקראטיע אין רוסלאנד זאל געפינען איר קאפ.

באזונדערס ווערט אומדערטרעגלעך צו זען, ווען אזעלכע סוביעקטן, ווי טשעפעטיעוו, סטרווע, גרעדעסקול, איזגאיעווא, און אנדערע פון

קאָדעטישן געזינדל כאַפּן זיך אָן פאַר די פּאָלעס פון נעקראַסאָוון, שטשעדרינען און ד. גל. נעקראַסאָוו האָט זיך געוואַקלט, זייענדיק פער־זענלעך שוואַך, צווישן טשערנישעווסקין און די ליבעראַלן, נאָר אַלע זיינע סימפּאַטיעס זיינען געווען אויף דער זייט פון טשערנישעווסקין. צוליב דער זעלבער פערזענלעכער שוואַכקייט האָט נעקראַסאָוו געזינ־דיקט מיט עלעמענטן פון ליבעראַלער פּשרהדיקייט, נאָר ער האָט זיינע „זינד" אַליין ביטער באַוויינט און עפנטלעך חרטה געהאַט.

„כ'האָב נישט געהאַנדלט מיט מיין לירע, נאָר ס'איז געשען,
ווען האַרטער
גורל האָט געדראָט מיך,
אַ קלאַנג אַ פאַלשן פון דער לירע האָט אַרויסגעריסן מיין
האַנט"...

„אַ פאַלשן קלאַנג" — אָט אַזוי האָט נעקראַסאָוו אַליין אָנגערופן זיינע ליבעראַל־פּשרהדיקע זינד, און שטשעדרין האָט אומברחמנותדיק אויסגעחוזקט די ליבעראַלן און אויף אייביק זיי געשטעמפּלט מיט דער פאָרמיל: „אין הסכם מיט דער געמיינהייט".

ווי פאַרעלטערט עס איז די דאָזיקע פאָרמול אין באַצוג צו די שטשעפּעטעטיעוס, גרעדעסקולס און אַנדערע* וויעכאָוצעס! איצט האַנדלט זיך אינגאַנצן נישט אין דעם, אַז די הערן זאָלן זיך האָבן צו־געפּאַסט צו געמיינהייט. ווו דאָרט! זיי האָבן אַליין, לויט אייגענער איני־ציאַטיוו, און אויף זייער אייגענעם אַיפן, אַרויסגייענדיק פונעם נעאָ־קאַנטיזם און אַנדערע מאָדערנע „אייראָפּעישע" טעאָריעס, אויפגעבויט זיך אַן אייגענע טעאָריע פון „געמיינהייט".

„נאָך איין מאַרש אויף דער דעמאָקראַטיע".
1912, באַנד 16, זייט 133—131.

---

*) מע וועט דערווידערן, אַז גרעדעסקול פונקט ווי מיליוקאָוו עט קאָמפּ. האָבן דיסקוטירט מיט דער „וויעכי". ריכטיק, נאָר זיי זיינען דערביי געבליבן וויעכאָווצעס. זע, דרך־אגב די „פּראַוודאַ" נומ 85. — רעד.

# אַרטיקלען וועגן ל. טאָלסטאָי

## לעוו טאָלסטאָי, ווי דער שפּיגל פון דער רוסישער רעוואָלוציע

דאָס פאַרבינדן דעם נאָמען פון גרויסן קינסטלער מיט דער רעוואָ־לוציע, וועלכע ער האָט בפירוש נישט פאַרשטאַנען, פון וועלכער ער האָט זיך בפירוש אָפּגערוקט אין א זייט, קאָן זיך אויסווייזן אויפן ערשטן קוק אויסטערליש און געקינצלט. מע קאָן דאָך נישט אָנרופן שפּיגל דאָס, וואָס שפּיגלט באַשיינפּערלעך נישט אָפּ ריכטיק די געשעענישן? נאָר אונדזער רעוואָלוציע איז אַן אויסערגעוויינלעך קאָמפּליצירטע דער־שיינונג; צווישן דער מאַסע פון אירע אוממיטלבאַרע אויספירער און אָנטיילנעמער איז פאַראַן א סך סאָציאַלע עלעמענטן, וועלכע האָבן אויך נישט קלאָר פאַרשטאַנען דאָס פאָרגעקומענע, אויך זיך אָפּגערוקט אין א זייט פון די ווירקלעכע היסטאָרישע אויפגאַבן, וועלכע עס האָט אוועקגעשטעלט פאַר זיי דער גאַנג פון די געשעענישן. און אויב מיר האָבן פאַר אונדז א ווירקלעך גרויסן קינסטלער, וואָלט ער כאָטש עטלעכע פון די וועזנטלעכסטע זייטן פון דער רעוואָלוציע באַדאַרפט אָפּשפּיגלען אין זיינע ווערק.

די לעגאַלע רוסישע פּרעסע, וועלכע איז איבערפולט מיט אַרטיק־לען, בריוו, פאַרצייכענונגען אין צוזאַמענהאַנג מיטן 80־יעריקן יובילֵיי פון טאָלסטאָיען, אינטערעסירט זיך אַמווייניקסטן מיט דעם אַנאַליז פון זיינע ווערק פון דעם שטאַנדפּונקט פון כאַראַקטער פון דער רוסישער רע־וואָלוציע און פון די כוחות, וואָס באַוועגן זי. די דאָזיקע גאַנצע פּרעסע איז ביז נודנעקייט איבערפולט מיט צביעות, מיט א צווייאיקער אַרט צביעות: א קאַזיאָנער און ליבעראַלער. די ערשטע איז א גראָבע צביעות פון פאַרקויפטע שרייבערוקעס, וועלכע מע האָט נעכטן געהייסן אָנרייצן אויף ל. טאָלסטאָיען, און הייַנט — אויפזוכן אין אים פּאַטריאָטיזם און זיך באַמיען העפלעך זיך צו פאַרהאַלטן פאַר אייראָפּע. אַז מען האָט די שרייבער פון דעם מין באַצאָלט פאַר זייער שרייבן, דאָס איז אַלעמען

באוווסט, און זיי זיינען קיינעם נישט אימשטאנד אפצונארן. א סך מער ראפינירטער, און דער עיקר א סך מער שעדלעכער און געפערלעכער איז די ליבעראלע צביעות. אויב מע זאל הערן די קאדעטישע באַלאַליקינס* פון דער „ריעטש"** איז זייער מיטגעפיל טאלסטאָיען דער סאמע פולער און סאמע הייסער. אין דער אמתן, איז די אויסגערעכנטע רעקלאמאציע און אנגעבלאָזענע פראזן וועגן דעם „גרויסן גאָט־זוכער" — איין דורכאויסיקער שקר, ווייל דער רוסישער ליבעראל, נישט ער גלויבט אין טאָלסטאָישן גאָט, און נישט ער האָט סימפּאַטיעס צו דער טאָלסטאָישער קריטיק פון דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג. ער שאַרט זיך אונטער צו א פּאָפּולערן נאָמען, כדי צו פארגרעסערן זיין פּאָליטיש קאַפּיטאַלעכל, כדי צו שפּילן די ראָל פון א פירער פון דער אָלנאַציאָנאַלער אָפּאָזיציע, ער באמיט זיך מיט דונערנדיקע און קנאַקנדיקע פראזן פארטויבן די באדערפעניש פון א גלייכן און קלאָרן ענטפער אויף דער פראגע: וועלכע זיינען די סיבות פון די שרייענדיקע סתירות פון דער „טאָלסטאָווששינע", וועלכע בלויזן און שוואכקייטן פון אונדזער רעוואָלוציע דריקן זיי אויס?

די סתירות אין די ווערק, אנשויונגען, לערעס פון דער טאָלסטאָישער שול זיינען ווירקלעך שרייענדיקע. פון איין זייט א גאוניקער קינסטלער, וועלכער האָט געגעבן נישט בלויז אומפארגלייכלעכע בילדער פון רוסישן לעבן, נאָר אויך ערשטקלאסיקע ווערק פון דער וועלטליטעראַטור. פון דער צווייטער זייט — א פּריץ, א באזעסענער פון דער קריסטלעכער לערע. פון איין זייט — א מערקווירדיק שטאַרקער, אומיטלבאַרער און אויפריכטיקער פּראָטעסט קעגן געזעלשאַפטלעכן ליגן און שקר, — פון דער צווייטער זייט א „טאָלסטאָיאַנעץ", ד. ה. א צעקנייטשטער, היסטערישער טרערן־גיסער, וועלכער הייסט רוסישער אינטעליגענט און וועלכער שלאָגט זיך עפנטלעך אין ברוסט דערקלערנדיק: „איך בין עקלהאַפט, איך בין מיאוס, נאָר איך פאַרנעם זיך מיט מאָראַ־

*) העלד פון סאַלטיקאָוו-שטשעדרינס א סאַטיריש ווערק. טיפּ פון א ליבעראַלן פּלוידער-זאַק אָן שום פּרינציפּן. — רעד.

**) אָרגאַן פון דער רוסישער ליבעראַל-בורזשואַזער מאָנאַרכיסטישער פּאַרטיי „קאָנסטיטוציאָנעלע דעמאָקראַטן" (קאַדעטן). — רעד.

לישער זעלבסטפארפולקאמונג; איך עס נישט מער קיין פליש און דער־גער זיך מיט רייז־קאטלעטלעך". פון איין זייט, אן אומברחמנותדיקע קריטיק פון דער קאפיטאליסטישער עקספּלואטאציע, א דעמאסקירונג פון די גוואלדטאטן מצד דער רעגירונג, פון די געריכטס־קאמעדיעס און מלוכהשער אדמיניסטראציע, אן אויפדעקן ביז אין דער סאמער טיף די קעגנזאצן צווישן דעם וווקס פון רייכטום און פון די דערגבערונגען פון דער ציוויליזאציע און צווישן דעם וווקס פון אָרעמקייט, פארווילדקייט און פיין פון די ארבעטער־מאסן; פון דער צווייטער זייט — א תמעוואר־טע פרעדיקן „נישט אנטקעגנשטעלן זיך דעם שלעכטס" מיט געוואלד. פון איין זייט, דער סאמע ניכטערער רעאליזם, דאס אראפרייסן אלע און אלערליי מאסקעס; — פון דער צווייטער זייט, דאס פרידיקן איינס פון די סאמע העסלעכסטע זאכן, וועלכע זיינען נאר פאראן אויף דער וועלט, נעמלעך: רעליגיע, די שטרעבונג אוועקצושטעלן אויפן אָרט פון גלחים לויט זייער קאזיאָנע אמט, גלחים לויט זייער מאָראלישער איבערצייגונג, ד. ה. קולטיווירן די סאמע ראפינירטסטע און דעריבער סאמע עקלהאפט־סטע פּאַפּאָווטשינע *.

אין דער אמתן:

„דו ביסט אָרעם און אויך רייך,
דו ביסט מעכטיק און אויך שוואך
— מאמעלע ראסיי!" **

און ביי אזעלכע קעגנזאצן האָט טאָלסטאָי אבסאָלוט נישט געקאָנט פארשטיין נישט די ארבעטער־באוועגונג און איר ראָל אין קאמף פאר סאָ־ציאליזם, נישט די רוסישע רעוואָלוציע, דאָס איז קלאָר פון זיך אליין. נאָר די קעגנזאצן אין די אנשויונגען און אין דער לערע פון טאָלסטאָ־יען זיינען נישט קיין צופאל, זיי זיינען דער אויסדרוק פון די קעגנזעצ־לעכע באדינגונגען, אין וועלכע עס האָט זיך געפונען דאָס רוסישע לעבן אין לעצטן דריטל פון 19־טן יאָרהונדערט. דאָס פאטריארכאלע דאָרף, וואָס האָט זיך ערשט נעכטן באפרייט פון לייבאייגנשאפט, איז אָפּגעגעבן געוואָרן בוכשטעבלעך אויף רויב און גזילה צום קאפיטאליזם און מלו־כה־אוצר. די אלטע יסודות פון דער פויערישער ווירטשאפט און פון פויערישן לעבן, יסודות, וועלכע האָבן זיך ווירקלעך געהאלטן אין משך פון יאָרהונדערטער, זיינען צעשטערט געוואָרן מיט אן אויסערגעוויינלעך

---

*) קלעריקאליזם. — רעד.
**) פון נעקראסאָווס פּאָעמע: „וועמען אין רוסלאנד לעבט זיך גוט". — רעד.

מער שנעלקייט. און די קעגנזאַצן אין די אָנשויונגען פֿון טאָלסטאָיען דאַרף מען אָפּשאַצן ניט פֿון שטאַנדפּונקט פֿון דער היינטצייטיקער אַרבעטערבאַוועגונג און היינטצייטיקן סאָציאַליזם (אַזאַ אָפּשאַצונג איז, פֿאַרשטענדלעך, נייטיק, נאָר זי איז ניט גענוגנדיק), נאָר פֿון שטאַנדפּונקט פֿון דעם פּראָטעסט, וועלכער האָט געמוזט געבוירן ווערן אין פּאַטריאַרכאַלן רוסישן דאָרף קעגן דעם אָנקומענדיקן קאַפּיטאַליזם, קעגן דער רואין און אונטערדריקונג פֿון די מאַסן.

ווי אַ נביא, וואָס אַנטדעקט נייע רעצעפּטן פֿאַר דער ראַטונג פֿון דער מענטשהייט, איז טאָלסטאָי לעכערלעך — און דעריבער זיינען זייער נעבעכדיק די אויסלענדישע און רוסישע „טאָלסטאָיאַנצעס“, וועלכע ווילן פֿאַרוואַנדלען אין אַ דאָגמע גראָד די סאַמע שוואַכע זייט פֿון זיין לערע. טאָלסטאָי איז גרויס, ווי דער אויסדריקער פֿון די אידייען און שטימונגען, וועלכע זיינען אַנטשטאַנען ביי מיליאָנען פֿון רוסישן פּויערטום אין דער צייט פֿון אָנגריף פֿון דער בורזשואַזער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. טאָלסטאָי איז אָריגינעל, ווייל זיינע אָנשויונגען, וועלכע זיינען שעדלעך, ווי אַ גאַנצקייט גענומען, דריקן אויס גראָד די אייגנשאַפֿטן פֿון אונדזער רעוואָלוציע, ווי פֿון אַ פּויערישער בורזשואַזער רעוואָלוציע. די קעגנזאַצן אין די אָנשויונגען פֿון טאָלסטאָיען פֿון דעם שטאַנדפּונקט, — זיינען אַ ווירקלעכער שפּיגל פֿון די קעגנזעצלעכע פֿאַרהעלטענישן, אין וועלכע עס איז אויסגעשטעלט געוואָרן די געשיכטלעכע טעטיקייט פֿון דעם פּויערטום אין אונדזער רעוואָלוציע. פֿון איין זייט, האָבן יאָרהונדערטער פֿון לייבאייגנטימערישער אונטערדריקונג און יאָרצענדליקער פֿון פֿאַרסירטער רואינירונג נאָך דער רעפֿאָרם אָנגעזאַמלט גאַנצע בערג פֿון שנאה, צאָרן און פֿאַרצווייפֿלטע אַנטשלאָסנקייט. די שטרעבונג אָפּצווישן ביזן גרונט סיי די קאַזיאָנע קירך, סיי די פּריצים, סיי די פּריצישע הערשאַפֿט, צו צעשטערן אַלע אַלטע פֿאָרמען און סיסטעמען פֿון ערדבאַזיץ, צו אָפּרייניקן די ערד און שאַפֿן אויפֿן אָרט פֿון דער פּאָליציייִשער קלאַסן־מלוכה אַ קאָלעקטיוו פֿון פֿרייע און גלייכבארעכטיקטע קליינע פּויערים, — די דאָזיקע שטרעבונג גייט דורך ווי אַ רויטער פֿאָדעם דורך יעדן היסטאָרישן שפּאַן פֿון די פּויערים אין אונדזער רעוואָלוציע, און ס'איז אָן שום ספֿק, אַז דער אידעיישער אינהאַלט פֿון טאָלסטאָיס שאַפֿונגען אַנטשפּרעכט פֿיל מער דער דאָזיקער שטרעבונג פֿון די פּויערים, איידער ווי דעם אַבסטראַקטן „קריסטלעכן אַנאַרכיזם“ ווי מע שאַצט טיילמאָל אָפּ דעם „סיסטעם“ פֿון זיינע אָנשויונגען.

פון דער צווייטער זייט, האָט דאָס פויערטום, שטרעבנדיק צו נייע פאָרמען פון צוזאַמענלעבן, זיך באַצויגן זייער אומבאַוווסטזיניק, פּאַטריאַרכאַל, תמעוואַטע צו דעם, ווי עס וואָלט באַדאַרפט זײַן דאָס דאָזיקע צוזאַמענלעבן, מיט וואָס פאַר אַ קאַמף דאַרף מען זיך דערגרייכן די פרייהייט, וועלכע אַנפירער קאָן ער האָבן אין דאָזיקן קאַמף, ווי באַר־ציט זיך צו די אינטערעסן פון דער פויערישער רעוואָלוציע די בורזשואַזיע און די בורזשואַזע אינטעליגענץ, פאַרוואָס איז נייטיק אַראָפּצוואַרפן מיט געוואַלד די צאַרישע מאַכט, כדי צו פאַרניכטן דעם פריציש ערד־באַזיץ. דאָס גאַנצע פאַרגאַנגענע לעבן פון פויערטום האָט עס אויסגעלערנט צו האַסן דעם פריץ און באַאַמטן, אָבער נישט אויסגעלערנט און נישט געקאָנט אויסלערנען, ווו צו זוכן דעם ענטפער אויף אַט די אַלע פראַגן.

אין אונדזער רעוואָלוציע האָט אַ קלענערער טייל פון פויערטום ווירקלעך געקעמפט, אָרגאַניזירנדיק זיך ווי ס'איז נישט־האָז צו דעם ציל, און שוין גאָר אַ קליינע טייל איז אויפגעשטאַנען מיט געווער אין דער האַנט אויסצוראָטן זיינע שונאים, צו פאַרניכטן די צאַרישע משרתים און פריצישע פאַרטיידיקער. די גרעסטע טייל פון פויערטום האָט געוויינט און געדאַוונט, געחקרנט זיך און פאַנטאַזירט, געשריבן ביטעס און געשיקט „שתדלנים”, — אינגאַנצן אין גייסט פון לעוו ניקאָלאַיעוויטש טאָלסטאָי! און, ווי עס קומט פאַר שטענדיק אין אַזעלכע פאַלן, האָט דאָס טאָלסטאָישע אָפּהאַלטן זיך פון פּאָליטיק, דאָס טאָלסטאָישע אָפּזאָגן זיך פון פּאָליטיק, דער מאַנגל פון אינטערעס צו איר און דאָס נישט פאַרשטיין זי, דערפירט דערצו, אַז נאָך דעם באַוווסטזיניקן רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט איז געגאַנגען אַ מינדערהייט, די מערהייט דאַקעגן איז געוואָרן געפאַנגען דורך פּרינציפּלאָזע, קנעכטישע, בורזשואַזע אינטעליגענטן, וועלכע זיינען אונטערן נאָמען קאַדעטן געלאָפן פון אַ פאַרזאַמלונג פון די טרודאָוויקעס אין פאָדערציטמער פון סטאָליפּינען, געבעטן, אונטערהאַנדלט, פאַרמיטלט, צוגעזאָגט צו פאַרמיטלען, — ביזוואַנען מע האָט זיי נישט אַרויסגעיאָגט מיט אַ קאָפּע פון אַ סאָלדאַטישן שטיוול. די טאָלסטאָישע אידייען — דאָס איז דער שפּיגל פון דער שוואַכקייט, פון די פעלערן פון אונדזער פויערישן אויפשטאַנד, די אָפּשפּיגלונג פון דער ווייכלייביקייט פון דעם פּאַטריאַרכאַלן דאָרף און פון דער שטענדיקער פחדנות פון „באַלעבאַטישן פויערל”.

נעמט די זעלנער־אויפשטאנדן פון די יאָרן 1905—1906. דער סאָציאַלער באשטאנד פון די האַזיקע קעמפער פון אונדזער רעוואָלוציע — איז א מיטעלער צווישן פויערטום און פראָלעטאריאט. דער לעצטער איז אין דער מינדערהייט; דעריבער ווירקט נישט ארויס די באוועגונג צווישן מיליטער אפילו מער וויניקער אזא איגערלעכע אייניקייט און אלרוסישן מאסשטאב, אזא פארטייאישע באוווסטזיניקייט, ווי דאָס איז צו זען ביי דעם פראָלעטאריאט, וועלכער איז ווי מיט איין באוועג פון דער האנט געוואָרן סאָציאל־דעמאָקראטיש. פון דער צווייטער זייט, איז נישטאָ קיין מער פעלערהאפטע מיינונג, ווי דאָס זען די סיבה פון דער נישט איינגעגבנקייט פון די זעלנער־אויפשטאנדן אין דעם מאנגל פון אָנפירער צווישן די אָפיצירן. פארקערט, דער גיגאַנטישער פראָגרעס פון דער רעוואָלוציע פון די צייטן פון דער „נאראָדנאיא וואָליא” האָט זיך גראָד אויסגעדריקט אין דעם, וואָס פארן געווער קעגן דער נאטשאלסטוואָ האָט זיך גענומען די „גרויע מאסע”, וואָס זייער זעלבסטשטענדיקייט האָט אזוי איבערגעשראָקן די ליבעראַלע פריוצים און ליבעראַלע אָפיצירן. דער זעלנער איז געווען פול מיט סימפּאטיע פאר דער זאך פון די פויערים; זיינע אויגן האָבן אויפגעפלאַמט ביים בלויזן דערמאָנען וועגן ערד. נישט איינמאָל איז די מאכט אין מיליטער איבערגעגאנגען אין די הענט פון דער זעלנערישער מאסע, נאָר קיין דעצידירטע אויסנוצן פון דער האַזיקער מאכט איז כמעט נישט געווען; די זעלנער האָבן זיך געוואקלט; אין א פּאָר טעג, אמאָל אין עטלעכע שעה, טייטנדיק א וועלכן ס'איז פארהאסטן עליצטן, האָבן זיי די איבעריקע באפרייט פון ארעסט, אָנגעהויבן אונטערהאנדלונגען מיט דער מאכט, און דערנאָך געשטאנען אויף צעשיסונג, זיך געלייגט אונטער דער רוט, זיך נאָך אמאָל איינגעשפאנט אין יאָך — פולשטענדיק אין גייסט פון לעוו ניקאָלאיעוויטש טאָלסטאָי.

טאָלסטאָי האָט אָפּגעשפיגלט דעם אָנגעוויטיקסטן האָס, די רייפגעוואָרענע שטרעבונג צום בעסערן, דעם ווילן זיך צו באפרייען פון דער פארגאנגענהייט און די אומרייפקייט פון טרוימערישקייט, פון פּאָליטישער נישט דערצויגנקייט, פון רעוואָלוציאָנערער ווייכלייביקייט. די היסטאָריש־עקאָנאָמישע באדינגונגען קלערן אויף סיי די נויטווענדיקייט פון דער אנטשטייונג פון דעם רעוואָלוציאָנערן קאמף פון די מאסן, סיי זייער נישט צוגעגרייטקייט צום קאמף, האָס טאָלסטאָישע נישט אנטקעגנשטעלן־זיך דעם שלעכטס, וואָס איז געווען אן ערנסטע סיבה פון דעם דורכפאל פון דער ערשטער רעוואָלוציאָנערער קאמפּאניע.

מע זאָגט, אַז צעשלאָגענע אַרמייען לערנען זיך גוט. פאַרשטייט זיך, דער פאַרגלייך פון רעוואָלוציאָנערע קלאַסן מיט אַרמייען איז ריכטיק בלויז אין זייער אַ באַגרענעצטן זין. די אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם ענדערט און פאַרשאַרפט מיט יעדער שעה די באַדינגונגען, וועלכע האָבן געשטויסן מיליאָנען פויערים, פאַראייניקטע צוזאַמען דורך דעם האַס צו די פּריצים־ליבאַיגנטימער און צו זייער רעגירונג, צו אַ רעוואָלוציאָנער־דעמאָקראַטישן קאַמף. דער וווּקס פון אויסטויש, פון דער הערשאַפט פון מאַרק און פון דער מאַכט פון געלט שטופּט אַרויס אַלץ מער אין פויערטום גופא די פּאַטריאַרכאַלע פּאַרציטישקייט און די פּאַטריאַרכאַלע פילאָזאָפישע אידעאָלאָגיע. נאָר איין דעראָבערונג פון די ערשטע יאָרן פון דער רעוואָלוציע און פון די ערשטע מפּלות אין רעוואָלוציאָנערן מאַסן־קאַמף איז אויסער ספק: דאָס איז דער טויטקלאַפּ, וועלכער איז געגעבן געוואָרן דער פריערדיקער צעקראָכנקייט און שוואַכקייט פון די מאַסן. די גרענעץ־ליניעס זייַנען געוואָרן שאַרפער, די קלאַסן און פּאַרטייען האָבן זיך אָפּגעגרענעצט. אונטער דעם האַמער פון סטאָליפּינס לעקציעס, ביי דער איינגעשטימער און אויסגעהאַלטענער אַגיטאַציע פון די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, וועט נישט בלויז דער סאָציאַליסטישער פּראָלעטאַריאַט, נאָר אויך די דעמאָקראַטישע מאַסן פון פויערטום ווערן אומפאַרמיידלעך אַרויסריקן אַלץ מער פאַרהאַרטעוועטע קעמפער, אַלץ ווייניקער פעיקע אַרייַנצופאַלן אין אונדזער היסטאָרישער זינד פון טאָלסטאָווּשטשינע.

„לעוו טאָלסטאָי, ווי דער שפּיגל פון דער רוסישער רעוואָלוציע" — 1908, באַנד 12, זייט 331—335.

## ל. נ. טאָלסטאָי

עס איז געשטאָרבן לעוו טאָלסטאָי. זיין וועלט־באַדייטונג, ווי אַ קינסטלער, זיין וועלט־פּאָפּולאַריטעט, ווי אַ דענקער און פּרעדיקער — סיי דאָס ערשטע, סיי דאָס צווייטע שפּיגלט אָפּ אויף זיין אופן די אַלוועלטלעכע באַדייטונג פון דער רוסישער רעוואָלוציע.

ל. נ. טאָלסטאָי איז אַרויסגעטרעטן ווי אַ גרויסער קינסטלער נאָך אין דער צייט פון ליבאַיגנטום־רעכט. אין אַ ריי געניאַלע ווערק, וועלכע ער האָט געשאַפן אין משך פון זיין ליטעראַרישער טעטיקייט, וואָס

האָט זיך געצויגן מער ווי אַ האַלב־יאָרהונדערט, האָט ער געשילדערט בעיקר דאָס אַלטע פאַררעוואָלוציאָנערע רוסלאַנד, וואָס איז געבליבן אויך נאָך דעם יאָר 1861 אין האַלב־לייבאייגנטום, דאָס דאָרפישע רוסלאַנד, דאָס רוסלאַנד פון פּריץ און פּויער. שילדערנדיק דעם האַזיקן צייט־אָפּשניט אין היסטאָרישן לעבן פון רוסלאַנד, האָט ל. טאָלסטאָי באַוויזן אַנטוויקלען אין זיינע אַרבעטן אַזוי פיל גרויסע פראַגן, געקאָנט זיך אויפהייבן צו אַזאַ קינסטלערישער קראַפט, אַז זיינע ווערק האָבן פאַרנומען איינס פון די ערשטע ערטער אין דער קינסטלערישער וועלט־ליטעראַטור. די עפּאָכע פון צוגרייטן די רעוואָלוציע אין איינעם פון די לענדער, וואָס איז געווען אונטערדריקט דורך לייבאייגנטימער, איז, אַ דאַנק דער גענטיאַלער באַלויכטונג פון טאָלסטאָיען, אויפגעקומען ווי אַ טראָט פאָרויס אין דער קינסטלערישער אַנטוויקלונג פון דער גאַנצער מענטשהייט.

טאָלסטאָי דער קינסטלער איז באַקאַנט אַ נישטיקער מינדערהייט אפילו אין רוסלאַנד. כדי ווירקלעך צו מאַכן זיינע גרויסע ווערק פאַר דעם אייגנטום פון אַלעמען, איז נייטיק קאַמף און קאַמף קעגן אַזאַ געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג, וועלכע האָט פאַרמשפּט מיליאָנען און צענדליקער מיליאָנען אויף פינצטערניש, דערשלאָגנקייט, קאַטאָרזשנע־אַרבעט און אָרעמקייט, איז נייטיק אַ סאָציאַליסטישע איבערקערעניש.

און טאָלסטאָי האָט נישט בלויז געגעבן קינסטלערישע ווערק, וועלכע וועלן שטענדיק זיין געשעצט און געלייענט דורך די מאַסן, ווען זיי וועלן זיך שאַפן מענטשלעכע באַדינגונגען פון לעבן, אַראָפּוואַרפנדיק דעם יאָך פון די פּריצים און קאַפּיטאַליסטן, ער האָט געקאָנט מיט אַ מערקווירדיקער קראַפט איבערגעבן די שטימונג פון די ברייטע מאַסן, וועלכע זיינען אונטערדריקט דורך דער הייטיקער אָרדענונג, שילדערן זייער לאַגע, אויסדריקן זייער ספּאָנטאַנעם געפיל פון פּראָטעסט און צאָרן. געהערנדיק הויפּטזעכלעך צו דער עפּאָכע פון די יאָרן 1861—1904, האָט טאָלסטאָי וווּנדערלעך בולט פאַרקערפּערט אין זיינע ווערק, — סיי ווי אַ קינסטלער, סיי ווי אַ דענקער, סיי ווי אַ פּרעדיקער — די שטריכן פון דער היסטאָרישער אייגנאַרט פון דער גאַנצער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע, איר קראַפט און איר שוואַכקייט.

איינער פון די הויפּט־שטריכן, מיט וועלכע עס צייכנט זיך אויס אונדזער רעוואָלוציע, באַשטייט אין דעם, וואָס דאָס איז געווען אַ פּויעריש־בורזשואַזע רעוואָלוציע אין דער עפּאָכע פון אַ זייער הויכער אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם אין דער גאַנצער וועלט און אין אַ פאַר־

העלטניסמעסיק הויכער אין רוסלאַנד. דאָס איז געווען אַ בורזשואַזע רעוואָלוציע, ווייל איר אומבאַמיטלבאַרע אויפגאַבע איז געווען דאָס אַראָפּוואַרפן די צאַרישע זעלבסטהערשאַפט, די צאַרישע מאָנאַרכיע און דאָס צעשטערן דעם פּריצישן ערד־באַזיץ, און נישט דאָס אַראָפּוואַרפן די הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע. באַזונדערס האָט דאָס פּויערטום נישט באַנומען די דאָזיקע לעצטע אויפגאַבע, נישט באַנומען איר אונטערשייד פון מער נאָענטע און אומבאַמיטלבאַרע קאַמפס־אויפגאַבן. דאָס איז געווען אַ פּויעריש־בורזשואַזע רעוואָלוציע, ווייל די אָביעקטיווע באַדינגונגען האָבן אַרויסגערוקט אין דער ערשטער ריי די פראַגע וועגן ענדערן די גרונטיקע לעבנס־באַדינגונגען פון פּויערטום, וועגן ברעכן דעם פּאַראַזיטישן מיטלאַלטערלעכן ערד־באַזיץ, וועגן „אָפּרייניקן דעם באָדן" פאַר קאַפּיטאַליזם, די אָביעקטיווע באַדינגונגען האָבן אַרויסגערוקט די פּויערישע מאַסן אויף דער אַרענע פון אַ מער ווייניקער זעלבסטשטענדיקער היסטאָרישער האַנדלונג.

אין די ווערק פון טאָלסטאָיען איז געקומען צום אויסדרוק סיי די קראַפט, סיי די שוואַכקייט, סיי די מאַכט, סיי די באַגרענעצטקייט גראָד פון דער פּויערישער מאַסנבאַוועגונג. זיין הייסער לײַדנשאַפטלעכער, אָפט אומברחמנותדיקער־שאַרפער פּראָטעסט קעגן דער מלוכה און פּאָליציאיש־קאַזיאָנער קירך גיט איבער די שטימונג פון דער פּרימיטיווער פּויערישער דעמאָקראַטיע, אין וועלכער יאָרהונדערטער פון לייבאייגנטימערישן רעכט, פון טשינאָווניקישן ווילקיר און רויב, קירכלעכן יעזואיטיזם, פאַלשקייט און שווינדל האָבן אָנגעזאַמלט בערג פון צאָרן און האַס. זיין איינגעקשנט פאַרנייניען דאָס פּריוואַטע ערד־אייגנטום גיט איבער די פּסיכאָלאָגיע פון דער פּויערישער מאַסע אין אַזאַ היסטאָרישן מאָמענט, ווען דער פּאַראַזיטישער מיטלאַלטערלעכער ערד־באַזיץ, סיי דער פּריצישער, סיי דער קאַזיאָנער „צוגעטיילטער", האָט זיך ענדגילטיק פאַרוואַנדלט אין אַן אומדערטרעגלעכע שטערונג פאַר דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון לאַנד, און ווען דער דאָזיקער פּאַראַזיטישער ערד־באַזיץ איז אומפאַרמיידלעך אַרונטערגעפאַלן דער סאַמע שטרענגסטער און אומברחמנותדיקער צעשטערונג. זיין אומאויפהערלעכע דעמאַסקירונג פון קאַפּיטאַליזם, וועלכע איז דורכגענומען מיט דעם סאַמע טיפסטן געפיל און סאַמע פלאַמיקסטער אויפרעגונג, גיט איבער דעם גאַנצן שוידער פון פּאַטריאַרכאַלן פּויער, אויף וועלכן עס האָט זיך אָנגעהויבן אָנרוקן אַ נייער, אומגעזעענער, אומפאַרשטענדלעכער שונא, וואָס קומט ערגעץ פון שטאָט, אָדער ערגעץ פון אויסלאַנד און צעשטערט אַלע „יסודות"

פון דאָרפישן שטייגער, טראָגט מיט זיך אַן אומדערהערטע רואינירונג, אָרעמקייט, טויט־הונגער, פאַרווילדקייט, פּראָסטיטוציע, סיפיליס — אַלע אומגליקן פון דער „עפּאָכע פון דער ערשטיקער אַקומולאַציע“, פאַרשאַרפטע הונדערט מאָל אַזוי פיל דורך דעם איבערטראָגן אויף דעם רוסישן באָדן די סאַמע נייעסטע מיטלען פון רויב, וועלכע זיינען געשאַפן געוואָרן דורך דעם הער קאַפּאַן.

נאָר דער הייסער פּראָטעסטירער, לײדנשאַפטלעכער דעמאַסקירער, גרויסער קריטיקער האָט אַרויסגעוויזן, צוזאַמען דערמיט, אין זיינע ווערק אַזאַ נישט פאַרשטיין די סיבות פון קריזיס און די מיטלען פון אַרויסגאַנג פון קריזיס, וועלכער האָט זיך אָנגערוקט אויף רוסלאַנד, וואָס איז איינן בלויז דעם פּאַטריאַרכאַלן נאַאיוון פּויער, און נישט קיין איי־ראָפּעיִשן געבילדעטן שרייבער. דער קאַמף מיט דער לייבאייגנטימערישער און פּאָליציייִשער מלוכה, מיט דער מאָנאַרכיע, האָט זיך פאַרוואַנדלט ביי אים אין אַ פאַרניינונג פון פּאָליטיק, דערפירט צו דער לערע וועגן „נישט אַנטקעגנשטעלן זיך דעם שלעכטס“, געבראַכט צום פולשטענדיק באַזייטיקן זיך פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף פון די מאַסן אין די יאָרן 1905—1907. דער קאַמף מיט דער אָפיציעלער קירך האָט זיך פאַראייניקט מיט דעם פּיידיקן אַ נייע, געריייניקטע רעליגיע, דאָס הייסט, אַ נייעם, געריייניקטן, ראַפינירטן גיפט פאַר די אונטערדריקטע מאַסן. די פאַרניינונג פון פּריוואַטן ערד־אייגנטום האָט געפירט נישט צו דער קאָנצענטרירונג פון גאַנצן קאַמף אויף דעם ווירקלעכן שונא, אויף דעם פּריוויִשן ערד־באַזיץ און זיין פּאָליטישן אינסטרומענט פון מאַכט, ד. ה. אויף דער מאָנאַרכיע, נאָר צו טרוימערישע, צעשוואומענע, מאַכטלאָזע קרעכצענישן. דאָס דעמאַסקירן דעם קאַפּיטאַליזם און די אומגליקן, וועלכע ער איז גורם די מאַסן, איז געגאַנגען האַנט ביי האַנט מיט דער פולשטענדיקער אַפּאַטישער באַציונג צו יענעם אַלוועלטלעך־באַפרייערישן קאַמף, וועלכן עס פירט דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער פּראָלעטאַריאַט.

די קעגנזאַצן אין די אָנשויונגען פון טאָלסטאָיען — זיינען נישט בלויז קיין קעגנזאַצן פון זיין פּערזענלעכן געדאַנק, נאָר אַן אָפּשפּיגלונג פון די אין דער העכסטער מאָס קאָמפּליצירטע, קעגנזעצלעכע באַדינגונגען, סאָציאַלע איינפלוסן, היסטאָרישע טראַדיציעס, וועלכע האָבן באַשטימט די פּסיכאָלאָגיע פון די פאַרשידענע קלאַסן און פאַרשידענע שיכטן פון דער רוסישער געזעלשאַפט אין דער עפּאָכע פון נאָך דער רעפאָרם, אָדער פון פאַר דער רעוואָלוציע.

און דעריבער איז די ריכטיקע אָפּשאַצונג פון טאָלסטאָיען מעגלעך בלויז פון שטאַנדפּונקט פון דעם קלאַס, וועלכער האָט מיט זיין פּאָליטישער ראָל און מיט זיין קאַמף אין דער צייט פון דער ערשטער ליזונג פון די דאָזיקע קעגנזאַצן, אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע, באַוויזן, אַז ער איז באַרופן צו זיין דער פירער אין דעם קאַמף פאַר דער פרייהייט פון פאָלק און פאַר דער באַפרייונג פון די מאַסן פון עקספּלואַטאַציע, — האָט באַוויזן זיין אומענדלעכע איבערגעגעבנקייט דער זאַך פון דעמאָקראַטיע און זיין פעיקייט צו קעמפן מיט דער באַגרענעצטקייט און אומקאָנסעקווענטקייט פון דער בורזשואַזער (דערונטער אויך פון דער פּויערישער) דעמאָקראַטיע, — איז מעגלעך בלויז פון שטאַנדפּונקט פון סאָציאַל־דעמאָקראַטישן פּראָלעטאַריאַט.

זעט, ווי עס שאַצן אָפּ טאָלסטאָיען די רעגירונגס־צייטונגען. זיי פאַרגיסן קראָקאָדיל־טרערן, פאַרזיכערנדיק, אַז זיי אַכטן דעם „גרויסן שרייבער", און אין דער זעלבער צייט באַשיצנדיק דעם „הייליקן" סינאָד. און די הייליקע פאָטערס האָבן נאָר וואָס אָפּגעטאָן אַ באַזונדערס מיאוסע (און נידערטרעכטיקע זאַך, אונטערשיקנדיק גלחים צום שטאַרבנדיקן, כדי צו באַשווינדלען דאָס פאָלק און זאָגן, אַז טאָלסטאָי האָט „תשובה געטאָן". דער הייליקער סינאָד האָט אַריינגעלייגט טאָלסטאָיען אין חרם. אויסגעצייכנט. דער דאָזיקער העלדנטאַט וועט אים פאַררעכנט ווערן אין דער צייט פון פאָלקס־משפט איבער די טשינאָווניקעס אין די סוטאַנעס, איבער די זשאַנדאַרמען, איבער די פינצטערע אינקוויזיטאָרן, וועלכע האָבן אונטערגעשטיצט די יידישע פּאָגראָמען און די אַנדערע העלדנטאַטן פון דער שוואַרצמאַהדיקער צאַרישער שייקע.

זעט, ווי עס שאַצן אָפּ טאָלסטאָיען די ליבעראַלע צייטונגען. זיי קומען אָפּ מיט די פּוסטע, קאַזיאָנע־ליבעראַלע, באַנאַל־פּראָפעסאָרישע פראַזן וועגן דער „שטים פון דער ציוויליזירטער מענטשהייט", וועגן דעם „איינהייטלעכן אָפּרוף אין דער גאַנצער וועלט", וועגן די „אידייען פון אמת, פון גוטס" און א. וו., פאַר וועלכע טאָלסטאָי האָט אַזוי גענד שלאָגן — און ריכטיק געשלאָגן — די בורזשואַזע וויסנשאַפט. זיי קאָנען נישט אַרויסזאָגן אָפן און קלאָר זייער אָפּשאַצונג פון טאָלסטאָיס אָנשויונגען וועגן דער מלוכה, וועגן דער קירך, וועגן פּריוואַטן ערד־אייגנטום, וועגן קאַפּיטאַליזם, — נישט דערפאַר, וואָס די צענזור שטערט; פאַרקערט, די צענזור העלפט זיי אַרויסצוגיין פון דער שוועריקייט! — נאָר דערפאַר, וואָס יעדע הנחה אין טאָלסטאָיס קריטיק איז אַ פּאַטש דעם בורזשואַזן ליבעראַליזם; — דערפאַר, וואָס בלויז דאָס

אומהערשראַקענע, אָפענע, אומבהחמנותדיק־שאַרפע אוועקשטעלן דורך טאָלסטאָיען די סאַמע אָנגעוויטיקסטע, סאַמע פאַרשאָלטענע פראַגן פון אונדזער צייט, שלאָגט דורעקט די שאַבלאָנע פראַזן, די באַנאַלע תירוצים, דעם זיך אַרויסדרייענדיקן „ציוויליזירטן" ליגן פון אונדזער ליבעראַלער (און ליבעראַל־פאָלקיסטישער) פובליציסטיק. די ליבעראַלן זיינען שטאָל און אייזן פאַר טאָלסטאָיען, שטאָל און אייזן קעגן טינאַד — און, צוזאַמען דערמיט, זיינען זיי פאַר די „וויעכאָוועצעס", מיט וועלכע „מע קאָן דיסקוטירן", נאָר מיט וועלכע „מע דאַרף" זיך איינלעבן אין איין פאַרטיי, „מע דאַרף" אַרבעטן צוזאַמען אין דער ליטעראַטור און אין דער פאָליטיק. און די „וויעכאָוועצעס" האַלדזט אַרום אַנטאָני וואָלינסקי.

די ליבעראַלן רוקן אַרויס אויף דעם ערשטן פּלאַן, אַז טאָלסטאָי איז — „דאָס גרויסע געוויסן". צי איז דאָס נישט אַ פּוסטע פראַזע, וועלכע עס חזרט איבער אויף טויזנטער אופנים די „נאָוואָיע ווערע־מיאַ" [36]) און אַלע ענלעכע צו איר? צי הייסט דאָס נישט אויסגעמיטן די אַלע קאָנקרעטע פראַגן פון דעמאָקראַטיע און סאָציאַליזם, וועלכע זיינען דורך טאָלסטאָיען אוועקגעשטעלט געוואָרן? צי רוקט דאָס נישט אַרויס אויף דעם ערשטן פּלאַן דאָס, וואָס דריקט אויס דעם אַבער־גלויבן פון טאָלסטאָיען, און נישט זיין פאַרשטאַנד, וואָס געהער אין אים צו דער פאַרגאַנגענהייט, און נישט צו דער צוקונפט, זיין פאַרניינען די פּאָליטיק און פּריידיקן מאָראַלישע זעלבסטפאַרפּולקאָמונג, און נישט זיין שטורמישן פּראָטעסט קעגן יעדער קלאַסן־הערשאַפט?

טאָלסטאָי איז געשטאָרבן, און ס'איז אַוועק אין דער פאַרגאַנגענהייט דאָס פאַררעוואָלוציאָנערע רוסלאַנד, וואָס זיין שוואַכקייט און מאַכט־לאָזיקייט האָבן געפונען זייער אויסדרוק אין דער פילאָזאָפיע, זיינען גע־וואָרן געשילדערט אין די ווערק פון געניאַלן קינסטלער. נאָר אין זיין ירושה איז פאַראַן אַזעלכעס, וואָס איז נישט אַוועק אין דער פאַרגאַנגענ־הייט, וואָס געהער דער צוקונפט. די דאָזיקע ירושה נעמט איבער און די דאָזיקע ירושה באַאַרבעט דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט. ער וועט אויפ־קלערן די אַרבעטנדיקע און עקספּלאָאַטירטע מאַסן די באַדייטונג פון טאָלסטאָיס קריטיק פון דער מלוכה, פון דער קירך, פון פּריוואַטן ערד־אייגנטום — נישט צוליב דעם, אַז די מאַסן זאָלן זיך באַגרענעצן מיט זעלבסטפאַרפּולקאָמונג און זיפצענישן וועגן אַ גאָטספאַרכטיק לעבן, נאָר צוליב דעם, אַז זיי זאָלן אויפשטיין און געבן אַ נייעם קלאַפּ דער צאַ־רישער מאָנאַרכיע און פּריצישן ערד־באַזיץ, וועלכע זיינען אין יאָר 1905

געוואָרן בלויז לייכט אָנגערירט און וועלכע דאַרפן ווערן פאַרניכטעט. ער וועט אויפקלערן די מאַסן די טאָלסטאָישע קריטיק פון קאַפּיטאַליזם — נישט צוליב דעם, אַז די מאַסן זאָלן זיך באַגרענעצן מיט קללות אויפן אַדרעס פון קאַפּיטאַל און פון דער הערשאַפט פון געלט, נאָר צוליב דעם, אַז זיי זאָלן זיך אויסלערנען אָנצושפּאַרן אויף יעדן טריט פון זייער לעבן און פון זייער קאַמף אויף די טעכנישע און סאָציאַלע דערגרייכונגען פון קאַפּיטאַליזם, זאָלן זיך אויסלערנען צו באַהעפטן אין איין מיליאָניקער אַרמיי פון סאָציאַליסטישע קעמפער, וועלכע וועלן אַראָפּוואַרפן דעם קאַפּיטאַליזם און שאַפן אַ נייע געזעלשאַפט אָן דער אָרעמקייט פון פאָלק, אָן דער עקספּלואַטאַציע פון מענטש דורך מענטש.

„ל. נ. טאָלסטאָי“ — 1910, באַנד 14, זייט 400—403.

## ל. נ. טאָלסטאָי און די הײַנטצײַטיקע אַרבעטער־באַוועגונג

די רוסישע אַרבעטער האָבן זיך שוין כמעט אין אַלע גרעסערע שטעט פון רוסלאַנד אָפּגערופן אויף דעם טויט פון ל. נ. טאָלסטאָיען און אַזוי אָדער אַנדערש אויסגעדריקט זייער באַציונג צום שרייבער, וועלכער האָט געגעבן אַ ריי אויסגעצייכנטע קינסטלערישע ווערק, וואָס האָבן אים אַוועקגעשטעלט צווישן די גרעסטע שרייבער אויף דער גאַנצער וועלט, — צום דענקער, וועלכער האָט מיט אַ ריזיקער קראַפט, זיכערקייט, אויפריכטיקייט אַוועקגעשטעלט אַ גאַנצע ריי פראַגן, וואָס האָבן אַ שייכות צו די גרונטיקסטע שטריכן פון דער הײַנטצײַטיקער פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג. אין אַלגעמיין און אין גאַנצן גענומען איז די דאָזיקע באַציונג אויסגעדריקט אין דער טעלעגראַמע, וועלכע עס האָבן געשיקט די אַרבעטער־דעפּוטאַטן פון דער 3־טער דומע און איז אָפּגעדרוקט אין די צייטונגען.

ל. נ. טאָלסטאָי האָט אָנגעהויבן זיין ליטעראַרישע טעטיקייט, ווען עס האָט עקזיסטירט דאָס לייבאייגנטימערישע רעכט, אָבער שוין אין אַזאַ צייט, ווען עס האָט דייטלעך איבערגעלעבט די לעצטע טעג. די הויפּט־טעטיקייט פון טאָלסטאָיען פאַלט אויס אין פּעריאָד פון דער רוסישער געשיכטע, וועלכער ליגט צווישן צוויי אירע ווענדע־פּונקטן, צווישן די יאָרן 1861—1905. אין משך פון דעם דאָזיקן פּעריאָד האָבן די שפּורן פון דעם לייבאייגנטימערישן רעכט, און די מיט אים פאַרבונדענע

דירעקטע איבערלעבונגען דורכגעדרונגען מיט זיך דאָס גאַנצע ווירטשאַפטלעכע (ספּעציעל דאָס דאָרפישע) און דאָס גאַנצע פּאָליטישע לעבן פון לאַנד. און אין דער זעלבער צייט איז דער דאָזיקער פּעריאָד גראָד געווען דער פּעריאָד פון פאַרשטאַרקטן וווקס פון קאַפּיטאַליזם פון אונטן און פון באַגינסטיקן זיין אַנטוויקלונג פון אויבן.

אין וואָס האָבן זיך אויסגעדריקט די איבערלעבונגען פון לייבאייגנטימערישן רעכט? מער פון אַלץ און דייטלעכער פון אַלץ אין דעם, וואָס אין רוסלאַנד, אין אַ לאַנד דער עיקר אַ לאַנדווירטשאַפטלעכס, האָט זיך די ערד אין יענער צייט געפונען אין די הענט פון רואינירטע, פּאַראָרעמטע פּויערים, וועלכע האָבן געפירט אַ פאַרעלטערטע פּרימיטיווע ווירטשאַפט אויף די אַלטע לייבאייגענע חלקים, אַרומגעשניטענע לטובת די פּריצים אין יאָר 1861, און פון דער צווייטער זייט, האָט זיך די ערד געפונען אין די הענט פון די פּריצים, וועלכע האָבן זי אין צענטראַל-רוסלאַנד באַאַרבעט מיט דער מי פון די פּויערים, מיט דער פּויערישער סאָכע, מיט דעם פּויערישן פערד פאַר די „אָפּגעשניטענע ערד-חלקים" [37], פאַר די הוי-לאַנקעס, טרינק-פּלעצער פאַר בהמות און א. וו. אין תוך גענומען, איז דאָס די אַלטע סיסטעם פון לייבאייגנטימערישער ווירטשאַפט. דער פּאָליטישער רעזשים פון רוסלאַנד פאַר יענער צייט איז אויך געווען דורכגעדרונגען מיט לייבאייגנטימערישקייט (פּאַנשטשיזנע). דאָס איז צו זען סיי פון דער מלוכהשער סטרוקטור ביז די ערשטע שטורעמס זי צו ענדערן אין יאָר 1905; סיי פון די הערשנדיקע איינפלוסן פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער אַריסטאָקראַטיע אויף די מלוכהשע ענינים, סיי פון דער אַלמעכטיקייט פון די טשינאָווניקעס, וועלכע זיינען אויך געווען דער עיקר — באַזונדערס די העכערע — פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער אַריסטאָקראַטיע.

דאָס דאָזיקע אַלטע פּאַטריאַרכאַלע רוסלאַנד פון נאָך דעם יאָר 1861 האָט זיך שנעל אָנגעהויבן צעפאַלן אונטער דער ווירקונג פון וועלט-קאַפּיטאַליזם. די פּויערים האָבן געהונגערט, זיינען אויסגעשטאָרבן, רואינירט געוואָרן ווי קיינמאָל נישט פריער, און געלאָפן אין די שטעט, איבערלאָזנדיק די ערד. אַ דאַנק דער „ביליקער אַרבעט" פון די רואינירטע פּויערים האָבן זיך אין אַ פאַרשטאַרקטן טעמפּאָ געבויט די אייזנבאַנען, פאַבריקן און זאַוואָדן. אין רוסלאַנד האָט זיך אַנטוויקלט אַ גרויסער פינאַנס-קאַפּיטאַל, אַ גרויסער האַנדל און אַ גרויסע אינדוסטריע.

דער דאָזיקער שנעלער, שווערער, שאַרפער איבערברוך פון אַלע אַלטע יסודות פון פּאַרצייטישן רוסלאַנד האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין די ווערק

פון טאָלסטאָי דעם קינסטלער, אין די אַנשויונגען פון טאָלסטאָי דעם דענקער.

טאָלסטאָי האָט אויסגעצייכנט געקענט דאָס דאָרפישע רוסלאַנד, דעם לעבנס־שטייגער פון פריץ און פון פויער. ער האָט אין זיינע קינסטלערישע ווערק געגעבן אַזעלכע שילדערונגען פון דעם שטייגער, וועלכע געהערן צו די בעסטע שאַפונגען אין דער וועלט־ליטעראַטור. דער שאַרפער איבערברוך פון אַלע „אַלטע יסודות" פון דאָרפישן לעבן האָט פאַרשאַרפט זיין אויפמערקזאַמקייט, פאַרטיפט זיין אינטערעס צו דעם, וואָס קומט פאָר אַרום אים, האָט דערפירט צו אַן איבערברוך פון זיין גאַנצער וועלט־אַנשויונג. לויט זיין אָפּשטאַמונג און דערציאונג האָט טאָלסטאָי געהערט צום העכסטן פריצישן יחוס אין רוסלאַנד — ער האָט איבערגעריסן מיט אַלע אָנגענומענע אַנשויונגען פון דער דאָזיקער סביבה און אין זיינע לעצטע ווערק האָט ער מיט אַ לײַדנשאַפטלעכער קריטיק אַטאַקירט די קעגנוואַרטיקע מלוכהשע, קירכלעכע, געזעלשאַפטלעכע, עקאָנאָמישע אָרדענונג, וועלכע האָט זיך באַזירט אויף דער פאַרקנעכטונג פון די מאַסן, אויף זייער פאַראָרעמונג, אויף דער רואינירונג פון די פויערים און קליינע בעלעבאַטים בכלל, אויף געוואַלד און צביעות, מיט וועלכע ס'איז דורכגעדרונגען פון אויבן ביז אַראָפּ דאָס גאַנצע הייַנטצייטיקע לעבן.

די קריטיק פון טאָלסטאָיען איז נישט קיין נייע. ער האָט נישט געזאָגט גאָרנישט אַזוינס, וואָס זאָל שוין לאַנג פאַר אים נישט האָבן געזאָגט געוואָרן אין דער אייראָפּעישער און רוסישער ליטעראַטור דורך די, וואָס זיינען געשטאַנען אויף דער זייט פון די אַרבעטנדיקע. נאָר די אייגנאַרטיקייט פון טאָלסטאָיס קריטיק און היסטאָרישע באַדייטונג באַשטייט אין דעם, וואָס זי דריקט אויס מיט אַזאַ קראַפט, וועלכע איז אייגן בלויז געניאַלע קינסטלער, דעם איבערברוך אין די אַנשויונגען פון די סאַמע ברייטסטע פאָלקס־מאַסן אין רוסלאַנד פון דעם געגעבענעם פעריאָד, און, נעמלעך, פון דאָרפישן פויערישן רוסלאַנד. ווייל די קריטיק פון דער קעגנוואַרטיקער אָרדענונג דורך טאָלסטאָיען אונטערשיידט זיך פון דער קריטיק פון דער זעלבער אָרדענונג ביי די פאָרשטייער פון דער הייַנטצייטיקער אַרבעטער־באַוועגונג נעמלעך דערמיט, וואָס טאָלסטאָי שטייט אויף דער שטאַנדפּונקט פון פּאַטריאַרכאַלן נאַאיוון פויער, טאָלסטאָי טראָגט איבער דעם פויערס פּסיכאָלאָגיע אין דער אייגענער קריטיק, אין דער אייגענער לערע. די קריטיק פון טאָלסטאָיען אונטערשיידט זיך דערפאַר מיט אַזאַ קראַפט פון געפיל, מיט אַזאַ לײַדנשאַפט, איבערצייגעוודיקייט, פרישקייט, אויפריכטיקייט, אומדערשראָקנקייט אין דער שטרעבונג „צו דער־

גיין ביז אין וואַרצל", צו געפינען די ריכטיקע סיבה פון די אומגליקן פון די מאַסן, ווייל די דאָזיקע קריטיק שפיגלט ווירקלעך אָפּ דעם איבערברוך אין די אַנשויןגען פון מיליאָנען פויערים, וועלכע זיינען נאָר וואָס אַרויס אויף דער פריי פון ליבאייגנטימערישן רעכט און דערזען, אַז די דאָזיקע פרייהייט באַדייט נייעם שווידער פון רואין, פון הונגערטויט, פון אַ היימלאָז לעבן צווישן די גרויסשטעטישע „כיטראָקעס" און אַ. וו. טאָלסטאָי שפיגלט אָפּ זייער שטימונג אַזוי ריכטיק, אַז ער אַליין טראָגט אַריין אין זיין לערע זייער נאַיווקייט, זייער אָפּגעפרעמדקייט פון פּאָליטיק, זייער מיסטיציזם, זייער ווילן זיך אויסצוטאָן פון דער וועלט, „נישט אַנטקעגנשטעלן זיך דעם שלעכטס", זייערע הילפלאָזע קללות אויפן אַדרעס פון קאַפּיטאַליזם און דער „מאַכט פון געלט!". דער פּראָטעסט פון מיליאָנען פויערים און זייער פאַרצווייפלונג — אָט וואָס עס האָט זיך צונויפגעגאָסן אין דער לערע פון טאָלסטאָיען.

די פאַרשטייער פון דער הייַנטצייטיקער אַרבעטער-באַוועגונג געפינען אַיין, אַז פּראָטעסטירן האָבן זיי קעגן וואָס, נאָר פאַרצווייפלען — צוליב גאָרנישט. פאַרצווייפלונג איז אייגן די קלאַסן, וועלכע קומען אום, און דער קלאַס פון געדונגענע אַרבעטער וואַקסט אומפאַרמיידלעך, אַנטוויקלט זיך און ווערט שטאַרק אין יעדער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, דערונטער אויך אין רוסלאַנד. פאַרצווייפלונג איז אייגן די, וואָס פאַרשטייען נישט די סיבות פון שלעכטס, זעען נישט קיין אויסגאַנג, זיינען נישט פעיק צו קעמפן. דער הייַנטצייטיקער אינדוסטריעלער פּראָלעטאַריאַט געהער נישט צו אַזעלכע קלאַסן.

„ל. נ. טאָלסטאָי און די הייַנטצייטיקע אַרבעטער-באַוועגונג", 1910. ב. XIV. ז' 404—406

## טאָלסטאָי און דער פּראָלעטאַרישער קאַמף

טאָלסטאָי האָט מיט קאָלאָסאַלער קראַפט און אויפריכטיקייט געשמיסן די הערשנדיקע קלאַסן, מיט גרויסער אָנשוילעכקייט דעמאַסקירט דעם אינערלעכן שקר פון די אַלע אינסטיטוציעס, וואָס מיט זייער הילף האַלט זיך די הייַנטצייטיקע געזעלשאַפט: די קירך, דאָס געריכט, דעם מיליטאַריזם, די „געזעצלעכע" חתונה, די בורזשואַזע וויסנשאַפט. נאָר זיין לערע האָט זיך אַרויסגעוויזן אין פולן קעגנזאַץ צום לעבן, צו דער אַרבעט און צום קאַמף פון דעם באַגרעבער פון דער קעגנווערטיקער

אָרדענונג פון פּראָלעטאַריאַט. וועמענס־זשע שטאַנדפּונקט האָט זיך אָפּ־געשפּיגלט אין דער לערע, וועלכע ס׳האָט געפּרעדיקט לעוו טאָלסטאָי? דורך זיין מויל האָט גערעדט די ריזיקע גאַנצע פילמיליאָניקע מאַסע פון רוסישן פאָלק, וועלכע האָט שוין געהאַסט די באַלעבאַטים פון היינט־ציטיקן לעבן, נאָר וועלכע איז נאָך נישט דערגאַנגען צום באַוווּסט־זיניקן, קאָנסעקווענטן, דעצידירטן ביזן סוף, אומפּשרהדיקן קאַמף מיט זיי.

די געשיכטע און דער אויסגאַנג פון דער גרויסער רוסישער רע־וואָלוציע האָבן דערוויזן, אַז פּאַקטיש אַזאַ איז געווען די ריזיקע מאַסע, וועלכע האָט זיך געפונען צווישן דעם באַוווּסטזיניקן, סאָציאַליסטישן פּראָלעטאַריאַט, און די דעצידירטע פאַרטיידיקער פון אַלטן רעזשים. די ריזיקע מאַסע — הויפּטזעכלעך די פּויערישע — האָט באַוויזן אין דער רעוואָלוציע, ווי גרויס עס איז איר שנאה צום אַלטן, ווי אינטענסיוו זי פילט אָפּ אַלע שווערקייטן פון היינטיקן רעזשים, ווי גרויס עס איז איר סטיכישע שטרעבונג צו באַפרייען זיך פון זיי און צו געפינען אַ בע־סער לעבן.

און אין דער זעלבער צייט האָט די ריזיקע מאַסע באַוויזן אין דער רעוואָלוציע, אַז אין איר האַס איז זי נישט גענוג באַוווּסטזיניק, אין איר קאַמף נישט קאָנסעקווענט, אין איר זוכן אַ בעסער לעבן — ענג באַ־גרענעצט.

דער גרויסער פּאָלקסים, וועלכער האָט אויפגעשטורעמט ביז אין די טיפעניש, האָט זיך מיט אַלע זיינע שוואַכקייטן און אַלע זיינע שטאַר־קע זייטן אָפּגעשפּיגלט אין דער לערע פון טאָלסטאָיען.

דערלערנענדיק די קינסטלערישע ווערק פון לעוו טאָלסטאָיען, וועט דער רוסישער אַרבעטער־קלאַס בעסער דערקענען זיינע פיינט און, פאַר־נאַנדערקלייבנדיק זיך אין דער לערע פון טאָלסטאָיען, וועט דאָס גאַנצע רוסישע פאָלק דאַרפן פאַרשטיין, אין וואָס איז אייגנטלעך באַשטאַנען זיין שוואַכקייט, וועלכע האָט אים נישט דערמעגלעכט צו דערפירן ביזן סוף די זאַך פון זיין באַפרייונג. דאָס דאַרף מען פאַרשטיין, כדי צו גיין פאָרויס.

דער ריזיקער באַוועגונג פאָרויס שטערן אַלע די, וואָס דערקלערן טאָלסטאָיען ווי „דאָס אַלגעמיינע געוויסן”, „דעם לערער פון לעבן”. דאָס איז אַ ליגן, וועלכן עס פאַרשפּרייטן באַוווּסטזיניק די ליבעראַלן, וואָס ווילן אויסנוצן די קעגנרעוואָלוציאָנערע זייט פון טאָלסטאָיס לע־רע. דעם ריזיקן ליגן וועגן טאָלסטאָיען, ווי וועגן דעם „לערער פון

לעבן", חורן איבער נאָך די ליבעראַלן אויך איניקע געוועזענע סאָציאַל-דעמאָקראַטן.

נאָר דעמלט וועט דאָס רוסישע פאָלק זיך דערשלאָגן די פרייהייט, ווען עס וועט פאַרשטיין, אַז נישט ביי טאָלסטאָיען דאַרף עס זיך לערנען ווי זיך צו דערשלאָגן צו אַ בעסער לעבן, נאָר ביי דעם קלאַס, וואָס זיין באַדייטונג האָט טאָלסטאָי נישט פאַרשטאַנען, און וואָס איז איינ-אונאיינציק פעיק צו צעשטערן די דורך טאָלסטאָיען פאַרהאַסטע אַלטע וועלט — ביי דעם פּראָלעטאַריאַט.

„טאָלסטאָי און דער פּראָלעטאַרישער קאַמף" —
1910, ב. 14, ז. 407—408.

## די העלדן „מיט באַוואָרעניש"

דאָס ציטירטע ביכל פון דעם זשורנאַל פון פּאַטרעסאָוון עט קאָמפּ. „נאַשא זאַריאַ", וואָס מיר האָבן נאָר-וואָס באַקומען, גיט אַזעלכע איבער-ראַשנדיקע מוסטערן פון לייכטזיניקייט, אָדער ריכטיקער: פון פּרינציפּלאָזיקייט אין דער אָפּשאַצונג פון לעוו טאָלסטאָיען, אויף וועלכע עס איז נייטיק גלייך, כאָטש בקיצור, זיך אָפּצושטעלן.

אָט איז אַן אַרטיקל פון דעם נייעם קעמפער פון פּאָטרעסאָווס חיל, וו. באַזאַראָוו. די רעדאַקציע איז נישט מסכים „מיט באַזונדערע הנחות" פון דעם דאָזיקן אַרטיקל, נישט אָנווייזנדיק, פאַרשטייט זיך, וועלכע זיינען די דאָזיקע הנחות. אַזוי איז דאָך פיל באַקוועמער צו פאַרדעקן דעם פּלאָנטער! וואָס אָנבאַלאַנגט אונדז, איז אונדז שווער אָנצווייזן אויף אַזעלכע הנחות אין דעם דאָזיקן אַרטיקל, פון וועלכע עס וואָלט זיך געקאָנט נישט אויפרעגן יעדער מענטש, וועמען עס איז כאָטש אַ ביסל טייער דער מאַרקסיזם. „אונדזער אינטעליגענץ — שרייבט וו. באַזאַראָוו — די דערשלאָגענע און צעבראָכענע, וועלכע האָט זיך פאַרוואַנדלט אין עפּעס אַ פאָרמלאָזע געדאַנקלעכע און מאָראַלישע סלאָטע, וועלכע האָט דערגרייכט די לעצטע גרענעץ פון גייסטיקער צעלייגונג, האָט איינ-שטימיק אָנערקענט טאָלסטאָיען — דעם גאַנצן טאָלסטאָיען אַלס איר געוויסן". דאָס איז נישט ריכטיק. דאָס איז אַ פראַזע. אונדזער אינטעלי-גענץ בכלל, און די אינטעליגענץ פון „נאַשא זאַריאַ" באַזונדערס, איז זייער ענלעך אויף אַ „צעבראָכענער", אָבער קיין שום „איינשטימיקייט" אין דער אָפּשאַצונג פון טאָלסטאָיען האָט זי נישט אַרויסגעוויזן און

נישט געקאָנט אַרויסווייזן, זי האָט קיינמאָל נישט ריכטיק אָפּגעשאַצט דעם גאנצן טאָלסטאָיען און נישט געקאָנט אָפּשאַצן, און, נעמלעך, דער ראַזיקער מאַנגל פון איינשטימיקייט ווערט פאַרשטעלט מיט דער העכסט צביעותדיקער פּראַזע וועגן „געוויסן", וועלכע פּאַסט זיך פולשטענדיק פאַר דער „נאַוואָיע ווריעמיאַ". באַזאַראָוו קעמפט נישט מיט דער „סלאָטע", נאָר פאַרשטאַרקט די סלאָטע.

באַזאַראָוון „ווילט זיך דערמאָנען אין איניקע אומגערעכטיקייטן (!!) אין באַצוג צו טאָלסטאָיען, אין וועלכע עס זיינען שולדיק די רור־סישע אינטעליגענטן אין אַלגעמיין, און מיר, „ראַדיקאַלן פון פאַרשי־דענע מינים באַזונדערס". אין דעם איז אמת בלויז דאָס, אַז באַזאַראָוו, פּאָטרעסאָוו עט קאָמפּ. זיינען, נעמלעך, די דאָזיקע „ראַדיקאַלן פון פאַר־שידענע מינים", וועלכע זייטען אַזוי אָפּהענגיק פון דער אַלגעמיינער „סלאָטע", אַז אין דער צייט פון סאַמע אומפאַרצייליכן פאַרשווייגן די גרונטיקע אומקאָנסעקווענטקייטן און שוואַכקייטן אין דער וועלטאַנ־שויונג פון טאָלסטאָיען, לויפן זיי נאָך „אַלע", שרייענדיק וועגן דער „אומגערעכטיקייט" צו טאָלסטאָיען. זיי ווילן זיך נישט פאַרשיכורן מיט דער „באַזונדערס פאַרשפּרייטער צווישן אונדז נאַרקאָטיק, וועלכע טאָל־סטאָי רופט אָן „פאַרביסנקייט פון דיסקוסיע", — דאָס זיינען פּונקט אַזעלכע רייד, אַזעלכע לידלעך, וועלכע ס'ווינטשן זיך באַלעבעסלעך, וואָס קערעווען זיך אָפּ מיט אומענדלעכער פאַראַכטונג פון יעדער דיס־קוסיע איבער וועלכע ס'איז פּרינציפּן, וועלכע ווערן פאַרטיידיקט דורכ־אויס און קאָנסעקווענט.

„די הויפּטקראַפט פון טאָלסטאָיען באַשטייט, נעמלעך, אין דעם, וואָס ער, דורכמאַכנדיק אַלע שטופן פון צעלייגונג, וועלכע איז טיפּיש פאַר די היינטצייטיקע געבילדעטע מענטשן, איז אימשטאַנד געווען צו געפינען אַ סינטעז..." נישט אמת. גראָד דעם סינטעז איז טאָלסטאָי נישט אימשטאַנד געווען, ריכטיקער: האָט נישט געקאָנט געפינען נישט אין די פילאָזאָפישע יסודות פון זיין וועלטאַנשויונג, נישט אין זיין געזעל־שאַפטלעך־פּאָליטישער לערע.

„טאָלסטאָי האָט צום ערשטן מאָל (!) אָביעקטיוויזירט, ד. ה. גע־שאַפן נישט בלויז פאַר זיך, נאָר אויך פאַר אַנדערע, די ריין־מענטשלעכע (דער קורסיוו איז אומעטום באַזאַראָווס) רעליגיע, וועגן וועלכער קאַנט, פייערבאַך און אַנדערע פאָרשטייער פון דער היינטצייטיקער קולטור האָבן בלויז געקאָנט סוביעקטיוו (!) חלומען" און א. וו. און א. וו.

אזעלכע רייד זייַנען ערגער פון דער געוויינלעכער באַלעבעטלדי־קייט. דאָס איז אויסציַרן די „סלאַטע" מיט פאַלשע בלומען, וואָס דער־מאָגלעכט בלויז אַפּצונאַרן די מענטשן. מיט העכער אַ האַלביאָרהונדערט צוריק האָט זיך פייערבאַך* פאַרפּלאָנטערט אין די דאָזיקע „סוביעק־טיווע חלומות", וואָס זייער נעגאַטיווע אָפּשאַצונג איז שוין פולקאָם גע־מאַכט געוואָרן דורך די ווירקלעך פאָרגעשריטענע „פאַרשטייער פון דער היינטצייטיקער קולטור", נישט קאָנענדיק געפינען „קיין סינטעז" אין זיין וועלט־אַנשויונג, וואָס האָט אין פיל הינזיכטן פאַרגעשטעלט דאָס „לעצטע וואָרט" פון דער דייטשער קלאַסישער פילאָזאָפיע. דערקלערן איצט, אַז טאָלסטאָי האָט „צום ערשטן מאָל אָביעקטיוויזירט" די דאָזיקע „סוביעקטיווע חלומות", הייסט, אַוועקגיין אין לאַגער פון די, וואָס קריכן אויף צוריק, הייסט חנפענען דער באַלעבעטלדיקייט, הייסט צודי־נען זיך דער וויעסאַוטשינע.

„עס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די באַוועגונג (?!), וועלכע איז געשאַפן דורך טאָלסטאָיען, דאַרף דורכמאַכן טיפע ענדערונגען, אויב עס איז איר ווירקלעך באַשערט אָפּצושפּילן אַ גרויסע אַלוועלטלעך־היסטאָרישע ראָל: די אידעאַליזירונג פון פּאַטריאַרכאַל־פּויערישן שטייגער, די גראַוויטאַציע צו נאַטורעלער ווירטשאַפט און פיל אַנדערע אוטאָפּישע שטריכן פון טאָל־סטאָיס לערע, וואָס רוקן זיך אַרויס (!) אין איצטיקן מאָמענט אויפן ערשטן פּלאַן און זעען אויס ווי די סאַמע וועזנטלעכסטע, זייַנען אין דער ווירקלעכקייט גראָד די סוביעקטיווע עלעמענטן, וועלכע זייַנען נישט פאַר־בונדן דורך קיין נויטווענדיקן בונד מיט דעם יסוד פון דער טאָלסטאָישער „רעליגיע".

הייסט עס, די „סוביעקטיווע חלומות" פון פייערבאַכן האָט טאָל־סטאָי „אָביעקטיוויזירט", און דאָס, וואָס טאָלסטאָי האָט אָפּגעשפּיגלט אין זייַנע געניאַלע קינסטלערישע ווערק און אין זיין לערע, וועלכע איז פול מיט קעגנזאַצן, און וועלכע באַצייכנט, ווי די עקאָנאָ־מישע אייגנאַרטיקייטן פון רוסלאַנד פון פאַריקן יאָרהונדערט, דאָס זייַנען גראָד די „סוביעקטיווע עלעמענטן" אין זיין לערע. אָט וואָס עס הייסט טרעפן מיט אַ פינגער אין הימל אַריין. נאָר אויך דאָס דאַרף גע־זאָגט ווערן: פאַר דער „אינטעליגענץ, דער צעשלאָגענער און צעקראָ־כענער" (און אַ. וו. ווי ס'איז אויבן געווען ציטירט), איז נישטאָ קיין זאַך, וואָס זאָל זיין מער אָנגענעם, מער באַגערט, מער ליב, איז נישטאָ

*) זע באַמערקונג 16 — רעד.

קיין זאך, וואָס זאָל מער אונטערהאַלטן די דאָזיקע צעקראַכנקייט, איידער, ווי דאָס דאָזיקע גלאָריפיצירן די „אָביעקטיוויזירטע" דורך טאָלסטאָיען „סוביעקטיווע חלומות" פון פייערבאַכן און דאָס אָפּציען די אויפמערקזאַמקייט פון יענע קאָנקרעטע היסטאָריש-עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פראַגן, וועלכע „רוקן זיך אַרויס אין איצטיקן מאָמענט אויפן ערשטן פּלאַן"!.

פאַרשטענדלעך, אַז באַזאַראָוון געפעלט באַזונדערס נישט די „שאַרפע קריטיק", וועלכע עס האָט אַרויסגערופן די לערע פון נישט קעגנשטעלן זיך דעם שלעכטס „מצד דער ראַדיקאַלער אינטעליגענץ". פאַר באַזאַראָוון איז „קלאָר, אַז וועגן פּאַסיווקייט און קוויעטיזם קאָן דאָ קיין רייד נישט זיין". אויפקלערנדיק דעם דאָזיקן געדאַנק, פאַרופט זיך באַזאַראָוו אויף דעם באַוווּסטן מעשהלע וועגן „איוואַן דעם נאַר" און ליגט פאַר דעם לייענער „זיך בלויז פאַרצושטעלן, אַז זעלנער אויף די נאַראָנים שיקט נישט דער טאַראַקאַנער צאַר, נאָר זייער אייגענער קלוגער געוואָרענער באַפעלער איוואַן, אַז מיט דער הילף פון די דאָזיקע זעלנער, רעקרוטירטע פון בלויזע נאַראָנים און, פאַלגלעך, נענטער צו זיי לויט זייער גייסטיקער סטרוקטור, וויל איוואַן צווינגען זיינע אונטערטאַנער אויסצופילן וועלכע׳ס איז נישט יושרדיקע פאָדערונגען. פולשטענדיק קלאָר, אַז די נאַראָנים, וועלכע זיינען כמעט נישט באַוואָפנט און נישט באַקאַנט מיטן זעלנערישן גאַנג, קאָנען אפילו נישט חלומען וועגן אַ פיזישן זיג איבער דעם חיל פון איוואַנען. אפילו ביי דעם באַדינג פון סאַמע ענערגישן „ווידערשטאַנד קעגן געוואַלט" קאָנען די נאַראָנים באַזיגן איוואַנען נישט מיט קיין פיזישע, נאָר מאָראַלישע מיטלען, ד. ה. נאָר מיט דעם וועג פון דער אַזוי גערופענער „דעמאָראַליזאַציע" פון די זעלנער פון איוואַנס חיל"... „דאָס קעגנשטעלן זיך פון די נאַראָנים מיט געוואַלט, דערגרייכט דעם זעלבן רעזולטאַט (נאָר ערגער און מיט גרעסערע קרבנות), ווי דאָס קעגנשטעלן זיך אָן געוואַלט"... „דאָס נישט אַנטקעגנשטעלן זיך דעם שלעכטס מיט געוואַלט אָדער, מער אַלגעמיין, די האַרמאָניע פון מיטל און ציל (!!) איז לגמרי נישט קיין אידיי, וועלכער איז אייגנטימלעך בלויז פאַר אויסער-געזעלשאַפטלעכע מאָראַלישע פרייידיקער. די דאָזיקע אידיי איז אַ נויטווענדיקער באַשטאַנדטייל אין יעדער פאָרגאַנצטער וועלט-אַנשויונג".

אַזוי דענקט דער נייער קעמפער פון פּאָטרעסאָווס חיל. אַנאַליזירן זיינע געדאַנקען קאָנען מיר דאָ נישט, און, איבעריקנס, איז גענוג

אויפֿן ערשטן מאָל פּשוט איבערצוגעבן דאָס וויכטיקסטע פֿון זיי און צוגעבן דריי ווערטער: דאָס איז די ריינסטע וויעכאָוושטשינע.

פֿון די שלום־אַקאָרדן פֿון דער קאַנטאַטע אויף דער טעמע וועגן דעם, אַז די אויערן וואַקסן נישט העכער פֿון חעם שטערן: „ס'איז נישטאָ צוליב וואָס פֿאַרצווישטעלן אונדזער שוואַכקייט אין דער פֿאָרם פֿון קראַפֿט, אין דער פֿאָרם פֿון העכערקייט איבער דעם „קוויעטיזם" און „באַגרענעצטער פֿאַרנונפֿטיקייט" (און איבער דער נישט קאָנסעקווענט־קייט פֿון די געדאַנקען?) פֿון טאָלסטאָיען. דאָס דאַרף מען נישט זאָגן נישט בלויז דערפֿאַר, וואָס דאָס איז אַ קעגנזאַץ צום אמת, נאָר אויך דערפֿאַר, וואָס דאָס שטערט אונדז זיך צו לערנען ביי דעם גרעסטן מענטשן פֿון אונדזער צייט".

אַזוי. אַזוי. ס'איז גאָר נישטאָ צו־וואָס זיך צו כעסן, מיינע הערן, און צו ענטפֿערן מיט לעכערלעכער באַרימעריי און זידלעריי (ווי דער הער פּאָטרעסאָוו אין די נומערן 8־9 פֿון „נאַשאַ זאַריאַ"), אויב עס בענ־טשן, באַגיטיקן און האַלדזן איצט די איזגאָיעווס. פֿון די דאָזיקע האַלדזע־נישן וועלן זיך נישט אָפּרייניקן סיי די אַלטע, סיי די נייע קעמפֿער פֿון פּאָטרעסאָווס חיל.

דער גענעראַל־שטאַב פֿון דעם דאָזיקן חיל האָט באַזאָרגט דאָס אַרטיקל פֿון באַזאַראָוון מיט אַ דיפּלאָמאַטישער באַוואָרעניש. נאָר נישט מיט קיין סך בעסער איז הער ניעוויאַדאָמסקיס ליטאַרטיקל, וואָס איז אָפּגעדרוקט אָן שום באַוואָרענישן. „איינזאַפּנדיק אין זיך, — שרייבט דער דאָזיקער שיינרעדער פֿון דער היינטצייטיקער אינטעליגענץ — און פֿאַרקערפּערנדיק אין אַ פֿאַרענדיקטער פֿאָרם די גרונטיקע אַספּיראַציעס און שטרעבונגען פֿון דער גרויסער עפּאָכע פֿון דעם אונטערגאַנג פֿון קנעכטשאַפֿט אין רוסלאַנד, האָט לעוו טאָלסטאָי זיך אַרויסגעוויזן, ווי די ריינסטע פֿאַרענדיקטע פֿאַרקערפּערונג פֿון דעם אַלגעמיין־מענטשלעכן אידעאַלאָגישן פּרינציפּ — פֿון דעם פּרינציפּ פֿון געוויסן".

בום, בום, בום... איינזאַפּנדיק אין זיך און פֿאַרקערפּערנדיק אין אַ פֿאַרענדיקטער פֿאָרם די גרונטיקע מאַניערן פֿון דעקלאַמאַציע, וועל־כע זיינען אייגנטימלעך פֿאַר דער ליבעראַל־בורזשואַזער פּובליציסטיק, האָט מ. ניעוויאַדאָמסקי זיך אַרויסגעוויזן ווי די ריינסטע, פֿאַרענדיק־סטע פֿאַרקערפּערונג פֿון דעם אַלגעמיין־מענטשלעכן אידעאַלאָגישן פּרינ־ציפּ — דעם פּרינציפּ פֿון פּלאַפּלעריי.

נאָך איינע, אַ לעצטע לעגענדע:

„די דאָזיקע אַלע אייראָפּעישע פֿאַרערער פֿון טאָלסטאָיען, די אַלע אַנאַטאָל פֿראַנס אונטער די פֿאַרשידנסטע נעמען, און די דעפּוטאַטן־פּאַלאַטעס,

וועלכע האָבן נישט לאַנג צוריק מיט אַ ריזיקער מערהייט געשטימט קעגן אָפּשאַפן טויט-שטראָף, און איצט באַערט מיט אויפשטיין דעם גרויסן גאַנצן מענטשן, דאָס דאָזיקע גאַנצע קעניגרייך פון צווישנקייט, האַלבקייט, באַוואָרעניש — מיט וואָס מער אַ ריזיקער, מעכטיקער, פון איין שטיק מעטאַל אויסגעגאָסענער פיגור עס שטייט פאַר אונדז דער דאָזיקער טאָלסטאָי, דאָס איז אַ לעבעדיקע פאַרקערפּערונג פון אַן איינציקן פּרינציפּ".

אוף! ער רעדט שיין — און דאָס אַלץ איז דאָך נישט אמת. נישט פון קיין איינהייטלעכן, נישט פון קיין ריינעם און נישט פון קיין מעטאַל איז אויסגעגאָסן די פיגור פון טאָלסטאָיען. און „די אַלע" בורזשואַזע פאַרערער האָבן גראָד נישט פאַר דער „גאַנצקייט", גראָד פאַר דעם אָפּנייגן פון דער דאָזיקער גאַנצקייט „באַערט מיט אויפשטיין" זיין אָנדענק.

בלויז איין גוט ווערטעלע האָט צופעליק אויסגעפּלוידערט דער העד נעוויאַדאָמסקי, דאָס דאָזיקע ווערטעלע — באַוואָרעניש — אַטעסטירט פונקט אַזוי גוט די העלדן פון „נאַשאַ זאַריאַ", ווי עס אַטעסטירט זייער אויבנגעבראַכטע כאַראַקטעריסטיק פון דער אינטעליגענץ ביי וו. באַזאַראָוון. פאַר אונדז זיינען דורכאויס העלדן „מיט באַוואָרענישן". פּאָטרעסאָוו באַוואָרנט זיך, אַז ער איז נישט מסכים מיט די מאַכיסטן, [88]) כאָטש ער פאַרטיידיקט זיי. די רעדאַקציע באַוואָרנט זיך, אַז זי איז נישט איינשטימיק מיט „באַזונדערע הנחות" פון באַזאַראָוון, כאָטש אַלעמען איז קלאָר, אַז דאָ האַנדלט זיך נישט וועגן באַזונדערע הנחות. פּאָטרעסאָוו באַוואָרנט זיך, אַז איזגאָיעוו האָט אים באַרעדט. מאַרטאָוו באַוואָרנט זיך, אַז ער איז נישט אינגאַנצן מסכים מיט פּאָטרעסאָוון און לעוויצקין, כאָטש גראָד זיי דינט ער געטריי פּאָליטיש. זיי אַלע צוזאַמען באַוואָרענען זיך, אַז זיי זיינען נישט איינשטימיק מיט טשערעוואַנינען, כאָטש זיי באַגייטיקן מער זיין צווייט ליקווידאַטאָריש ביכל, וואָס פאַרטיפט נאָך דעם „גייסט" פון זיין ערשטלינג. טשערעוואַנין באַוואָרנט זיך, אַז ער איז נישט מסכים מיט מאַסלאָוון. מאַסלאָוו באַוואָרנט זיך, אַז ער איז נישט מסכים מיט קאַוטסקין.

זיי אַלע צוזאַמען זיינען נאָר איינשטימיק אין דעם, אַז זיי זיינען נישט איינשטימיק מיט פּלעכאַנאָוון, און אַז ער באַשולדיקט זיי אויף אַ רכילותדיקן אופן אין ליקווידאַטאָרישקייט, נישט זייענדיק, כלומרשט, אַליין אימשטאַנד אויפצוקלערן זיין איצטיקע דערנענטערונג מיט זיינע נעכטיקע קעגנער.

נישטאָ קיין מער פּשוטערע זאַך, ווי אויפקלערן די דאָזיקע דערנענטערונג, וועלכע איז נישט פאַרשטענדלעך פאַר מענטשן, וואָס באַ-

וואָרענען זיך. ווען מיר האָבן פאַרמאָגט אַ לאָקאָמאָטיוו, זיינען מיר זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען וועגן דער שטאַרק אין דער פראַגע, צי אַנטשפּרעכט דער פעסטקייט פון לאָקאָמאָטיוו, דעם רעזערוו פון באַהייצונג א. א. וו. די שנעלקייט פון 25, צי פון 50 ווערסט אין אַ שעה. די דיסקוסיע וועגן דעם, ווי וועגן יעדער הייסאויפרודערנדיקער פראַגע, האָט זיך געפירט מיט לייַדנשאַפט און נישט זעלטן מיט פאַרביסנקייט. די דאָזיקע דיסקוסיע — אַבסאָלוט ביי יעדער פראַגע, ביי וועלכער זי איז אויפגעקומען — איז געווען אין די אויגן פון אַלעמען, אָפן פאַר אַלעמען, דערזאָגט ביזן סוף, נישט פאַרשמירט מיט קיין שום „באַוואָרעניש". און קיינעם פון אונדז פאַלט נישט איין מיט עפּעס וואָס זיך ציען צוריק, אָדער קרעכצן צוליב דער „פאַרביסנקייט פון דער דיסקוסיע". נאָר, ווען דער לאָקאָמאָטיוו האָט געליטן אַ ברוך, ווען ער ליגט אין בלאָטע אַרומגערינגלט מיט „זיך באַוואָרענדיקע" אינטעליגענטן, וועלכע ביכיקן פאַרלעז וועגן דעם, אַז „צו ליקווידירן איז שוין נישטאָ וואָס", ווייל קיין לאָקאָמאָטיוו איז שוין נישטאָ, דאַן דערנענטערט אונדז, נעכטיקע „פאַרביסענע דיסקוטאַנטן", איין אַלגעמיינע זאַך. נישט אָפּזאָגנדיק זיך פון גאָרנישט, גאָרנישט פאַרגעסנדיק, נישט מאַכנדיק קיין שום צוזאָגן וועגן דעם פאַרשווינדן פון די מיינונגס-פאַרשידנהייטן, טוען מיר די געמיינזאַמע זאַך צוזאַמען. מיר ווענדן די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט און אַלע אָנשטרענגונגען דערויף, אַז מען זאָל דעם לאָקאָמאָטיוו אויפהייבן, מען זאָל אים באַנייען, פאַרפעסטיקן, פאַרשטאַרקן, אַוועקשטעלן אויף די רעלסן — וועגן דער שנעלקייט פון דער באַוועגונג און דער ריכטונג פון די אָדער אַנדערע ווייזערס וועלן מיר באַווייזן צו דיסקוטירן אין זייַנער צייט. די אויפגאַבע פון טאָג אין אונדזער שווערער צייט איז צו שאַפן עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל זיין אימשטאַנד זיך אַנטקעגנצושטעלן די מענטשן „מיט באַוואָרעניש" און „צעקראַכענע אינטעליגענטן", וועלכע האַלטן אונטער דירעקט און אומדירעקט די הערשנדיקע „סלאָטע". די אויפגאַבע פון טאָג איז צו גראָבן, אפילו ביי די סאַמע שווערסטע באַדינגונגען, אַרץ, אַרויסצובאַקומען אייזן, גיסן דעם שטאָל פון דער מאַרקסיסטישער וועלטאָנשויונג און פון די איבערצייגונגען, וועלכע אַנטשפּרעכן דער דאָזיקער וועלטאַנשויונג.

די העלדן „מיט באַוואָרעניש". 1910 ב. 15, ז. 50—54.

# ל. נ. טאָלסטאָי און זיין עפּאָכע

די עפּאָכע, צו וועלכער עס געהערט ל. טאָלסטאָי און וועלכע האָט זיך אויסערגעוויינלעך־בולט אָפּגעשפּיגלט סיי אין זיינע גענִיאַלע קינסט־לערישע ווערק, סיי אין זיין לערע, איז די עפּאָכע צווישן די יאָרן 1861 און 1905. אמת, די ליטעראַרישע טעטיקייט פון טאָלסטאָיען האָט זיך אָנגעהויבן פריער און זיך געענדיקט שפּעטער, איידער, ווי עס האָט זיך אָנגעהויבן און געענדיקט דער דאָזיקער פּעריאָד, נאָר ל. טאָלסטאָי האָט זיך אויספאָרמירט אלס קינסטלער און דענקער גראָד אין דעם פּעריאָד, וואָס זיין איבערגאַנגס־כאַראַקטער האָט געשאַפן די אַלע באַ־זונדערע שטריכן פון טאָלסטאָיס ווערק און פון דער „טאָלסטאָיאָווטשי־נע".

דורך דעם מויל פון ק. לעווין אין „אננא קארעגינא" האָט ל. טאָל־סטאָי אויסערגעוויינלעך קלאָר אויסגעדריקט, אין וואָס עס איז באַ־שטאַנען דער איבערגאַנג אין דער רוסישער געשיכטע פאַר די דאָזיקע האַלב־יאָרהונדערטער.

...„די שמועסן וועגן שניט, וועגן דינגען ארבעטער און ד. גל., וואָס לעווין האָט געוווסט, אַז ס'איז אָנגענומען צו האַלטן ווי עפּעס זייער נידעריקס... האָט זיך איצט לעווינען אויסגעוויזן אלס דאָס איינציק וויכטיקע". „דאָס, קאָן זיין, איז נישט געווען וויכטיק בעת דעם לייב-אייגנטימערישן רעכט, אָדער ס'איז נישט וויכטיק אין ענגלאַנד. אין ביידע פאַלן זיינען די באַדינגונגען גופא באַשטימט; נאָר ביי אונדז איצט, ווען אַלץ האָט זיך איבערגעקערט און ס'הייבט זיך ערשט אָן אויסצופאָרמירן, איז די פראַגע וועגן דעם, ווי די דאָזיקע באַדינגונגען וועלן זיך אויס-פאָרמירן, די איינציק וויכטיקע פראַגע אין רוסלאַנד", — האָט לעווין גע-קלערט" (ווערק ב. 10, ז' 137).

„ביי אונדז האָט זיך דאָס אַלץ איבערקערט און ס'הייבט זיך ערשט אָן אויסצופאָרמירן", — ס'איז זיך שווער פאָרצושטעלן א מער טרעפ־לעכע כאראקטעריסטיק פון די יאָרן צווישן 1861 און 1905. דאָס, וואָס „האָט זיך איבערגעקערט", איז גוט באַקאַנט, אָדער יעדנפאַלס, גענוג באַקאַנט יעדן רוסישן מענטשן, דאָס איז דאָס לייב־אייגנטימער־רישע רעכט און די גאַנצע „אַלטע אָרדענונג", וועלכע האָט אים אַנט־שפּראָכן. דאָס, וואָס „הייבט זיך ערשט אָן אויסצופאָרמירן", איז פול־שטענדיק אומבאַקאַנט, פרעמד, נישט פאַרשטענדלעך פאַר דער ברייטער

מאסע פון דער באפעלקערונג. די בורזשואזע אָרדענונג, וועלכע „הייבט זיך ערשט אָן אויסצופאָרמירן" האָט זיך טאָלסטאָיען פאָרגעשטעלט נישט דייטלעך אין דער פאָרם פון דער סטראַשידלע — ענגלאַנד. נעמלעך, אַ סטראַשידלע, ווייל יעדער פרווו אויפצוקלערן זיך די גרונטיקע שטריכן פון דער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג אין דעם דאָזיקן „ענגלאַנד", די פאַרבינדונג פון דער דאָזיקער אָרדענונג מיט דער הערשאַפט פון קאַפּיטאַל, מיט דער ראָל פון געלט, מיט דעם אויפקום און דער אַנטוויקלונג פון אויסטויש, וואַרפט טאָלסטאָי אָפּ, אַזוי צו זאָגן, פּרינציפּיעל. אַזוי ווי די פּאָלקיסטן, וויל ער נישט זען, פאַרמאַכט ער די אויגן, ווענדט זיך אָפּ פון דעם געדאַנק, אַז אין רוסלאַנד „פאָרמירט זיך אויס" נישט קיין אַנדערע, ווי די בורזשואַזע אָרדענונג.

ריכטיק, אַז אויב נישט די „איינציק וויכטיקע", טאָ ווייניקסטנס די וויכטיקסטע פון שטאַנדפּונקט פון די נאָענטסטע אויפגאַבן פון דער גאַנצער געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישער טעטיקייט אין רוסלאַנד פאַר דעם פּעריאָד 1861—1905 (און אויך פאַר אונדזער צייט) איז געווען די פראַגע, ווי וועט „זיך אויספאָרמירן" די דאָזיקע אָרדענונג, די בורזשואַזע אָרדענונג, וועלכע נעמט אָן גאַנץ פאַרשידנאַרטיקע פאָרמען אין „ענגלאַנד", דייטשלאַנד, אַמעריקע, פראַנקרייך א. א. וו. נאָר פאַר טאָלסטאָיען איז אַזאַ אַרט באַשטימטער, קאָנקרעט־היסטאָרישער אופן פון אַוועקשטעלן אַ פראַגע אַבסאָלוט פרעמד. ער קלערט אַבסטראַקט, ער דערלאָזט בלויז דעם שטאַנדפּונקט פון „אייביקע" מאָראַלישע פּרינציפּן, פון אייביקע רעליגיעזע אמתן, נישט אָנערקענענדיק, אַז דער דאָזיקער שטאַנדפּונקט איז בלויז אַן אידעאָלאָגישע אָפּשפּיגלונג פון דער אַלטער („איבערגעקערטער") אָרדענונג, פון דער לייבאייגנטימערישער אָרדענונג, פון דער אָרדענונג ביי די מזרח־פעלקער.

אין „לוצערן" (געשריבן אין 1857־טן יאָר) דערקלערט ל. טאָלסטאָי, אַז דאָס אָנערקענען די „ציוויליזאַציע", ווי אַ גנאָד איז אַ „פיקטיוו ווי־סן", וואָס „צעשטערט די אינסטינקטיווע, גליקזעליקע, אור־שפּרינגלעכע באַדערפענישן פון גוטס אין דער מענטשלעכער נאַטור". „איינער, בלויז איין אומפעלערהאַפטער אָנפירער איז ביי אונדז פאַראַן, — רופט אויס טאָלסטאָי, — דער אַלוועלטלעכער גייסט, וועלכער דרינגט אונדז אַדורך" (ווערק, ב. 2 ז. 125).

„אין דער „קנעכטשאַפט פון אונדזער צייט" (געשריבן אין יאָר 1900) חזרט טאָלסטאָי איבער נאָך פליסיקער די דאָזיקע אַפּעלאַציעס

צום אַלוועלטלעכן גייסט, דערקלערט אַלס „פאַלשע לערע” די פּאָליטישע עקאָנאָמיע דערפאַר, וואָס זי נעמט ווי אַ „מוסטער” „דאָס קלייניקע ענגלאַנד, וואָס געפינט זיך אין דער סאַמער אויסנאַמלעכער לאַגע, — אָנשטאָט צו נעמען פאַר אַ מוסטער „די לאַגע פון די מענטשן אין דער נאָרמאַלער וועלט פאַר דער גאַנצער היסטאָרישער צייט”. וועלכע איז דאָס די „גאַנצע וועלט”, האָט דעקט אונדז אויף דאָס אַרטיקל „דער פּראָגרעס און די דעפיניציע פון בילדונג” (1862 יאָר). די אָנשויונג פון „די היסטאָריקער, אַז דער פּראָגרעס איז מכלומרשט אַן אַלגעמיין געזעץ פאַר דער מענטשהייט” וואַרפט טאָלסטאָי אָפּ, פאַררופנדיק זיך אויף דעם „גאַנצן אַזוי גערופענעם מזרח” (ב. 4 ז. 162). „קיין אַלגעמיין געזעץ פון דער פאָרויסבאַוועגונג פון דער מענטשהייט איז נישטאָ, — דערקלערט טאָלסטאָי, — ווי דאָס באַווייזן אונדז די אומבאַוועגלעכע מזרח־פעלקער”.

אָט די אידעאָלאָגיע, אייגנטלעך, פון דער מזרחדיקער אָרדענונג, פון דער אַזיאַטישער אָרדענונג, שטעלט פאַר מיט זיך די טאָלסטאָווסטשינע אין איר רעאַלן היסטאָרישן אינהאַלט. פונדאַנען דער אַסקעטיזם, און דאָס נישט אַנטקעגנשטעלן זיך דעם שלעכטס מיט געוואַלד, און די טיפע פּעסימיסטישע שטימונגען, און די איבערצייגונג, אַז „אַלץ איז גאָרנישט, אַלץ נישמיותדיקס איז גאָרנישט” (וועגן „זין פון לעבן”, זייט 52), און דער גלויבן אין „גייסט”, „דער יסוד פון אַלץ”, וואָס אין באַצוג צו דעם דאָזיקן יסוד איז דער מענטש בלויז אַן „אַרבעטער”, וועלכער איז „באַשטימט פאַר דער זאַך פון אויסלייזן די נשמה” א. א. וו. טאָלסטאָי איז טריי דער דאָזיקער אידעאָלאָגיע אויך אין „קרייצער סאָנאַטע”, ווען ער זאָגט: „די עמאַנסיפּאַציע פון דער פרוי קומט פאָר נישט אויף קורסן און נישט אין פּאַרלאַמענטן, נאָר אין שלאָף־צימער”, — און אין דעם אַרטיקל פון יאָר 1862, וואָס דערקלערט אַז „די אוניווערסיטעטן גרייטן בלויז צו „צערייצטע קראַנקע ליבעראַלן”, וועלכע זיינען אינגאַנצן נישט נייטיק דעם פאָלק”, זיינען אָן שום ציל אָפּגעריסן פון זייער פריערדיקער סביבה”, „געפינען זיך נישט קיין אָרט אין לעבן”. און א. וו. (ב. 4 ז. 136).

פּעסימיזם, נישט אַנטקעגנשטעלן זיך, אַפּעלאַציע צום גייסט, דאָס איז אַן אידעאָלאָגיע, וועלכע קומט אויף אומפאַרמיידלעך אין אַזאַ עפּאָכע, ווען די גאַנצע אַלטע אָרדענונג „האָט זיך איבערגעקערט”, און ווען די מאַסע, וואָס איז דערצויגן געוואָרן אין דער דאָזיקער אַלטער אָרדענונג, וואָס האָט איינגעזויגן אין זיך צוזאַמען מיט דער מאַמעס מילך די

פרינציפן, געוווינהייטן, טראַדיציעס, און גלויבן פון דער דאָזיקער אָר־דענונג, זעט נישט און קאָן נישט זען, וועלכע איז די נייע אָרדענונג, וואָס „הייבט זיך אָן אויסצופאָרמירן", וועלכע זיינען די געזעלשאַפטלעכע כוחות און ווי, אייגנטלעך, „פאָרמירן" זיי זי אויס, וועלכע זיינען די געזעלשאַפטלעכע כוחות, וואָס זייען איינשטאַנד אויסצולייזן פון די אומצאָליקע, באַזונדערס שאַרפע אומגליקן, וואָס זיינען אייגנטימלעך פאַר עפּאָכעס פון „איבערברוך".

דער פעריאָד צווישן די יאָרן 1862 און 1905 איז פּאַקטיש געווען אַזאַ עפּאָכע פון איבערברוך אין רוסלאַנד, ווען דאָס אַלטע איז אייג־געבראָכן געוואָרן אויף שטענדיק פאַר די אויגן פון אַלעמען, און דאָס נייע האָט זיך נאָר וואָס אָנגעהויבן אויספאָרמירן, דערביי האָבן די גע־זעלשאַפטלעכע כוחות, וועלכע האָבן גורם געווען צו דער דאָזיקער אויס־פאָרמירונג, צום ערשטן מאָל זיך באַוויזן אויף דער אמת אין ברייטן אַל־נאַציאָנאַלן מאַסשטאַב אין אַ מאַסעווער אָפענער האַנדלונג אויף די סאַ־מע פאַרשידנסטע געביטן ערשט אין יאָר 1905. און נאָך די געשעענישן פון 1905־טן יאָר אין רוסלאַנד, זיינען געקומען אַנאַלאָגישע געשעענישן אין אַ גאַנצע ריי מלוכות פון זעלבן „מזרח", וואָס אויף זיין „אומבאַ־וועגלעכקייט" האָט זיך פאַררופן טאָלסטאָי אין יאָר 1862. דאָס יאָר 1905 איז געווען דער אָנהייב פון דעם סוף פון דער „מזרחדיקער" אומ־באַוועגלעכקייט. טאַקע דערפאַר האָט דאָס דאָזיקע יאָר געבראַכט מיט זיך דעם היסטאָרישן סוף פון דער טאָלסטאָווישטשינע, דעם סוף פאַר דער גאַנצער עפּאָכע, וועלכע האָט געקאָנט און באַדאַרפט געבוירן די לערע פון טאָלסטאָיען נישט ווי קיין אינדיווידועלן ענין, נישט ווי קיין קאַפּריז און ווילן צו זיין אָריגינעל, נאָר ווי אַן אידעאָלאָגיע פון יענע לעבנס־באַדינגונגען, אין וועלכע עס האָבן זיך ווירקלעך געפונען מיליאָנען און מיליאָנען אין משך פון אַ באַשטימטער צייט.

די לערע פון טאָלסטאָיען איז אומבאַדינגט אוטאָפּיש און, לויט איר אינהאַלט, רעאַקציאָנער אין סאַמע פּינקטלעכסטן און אין סאַמע טיפסטן זין פון דעם וואָרט. נאָר פון דעם דרינגט נאָך נישט אַרויס, נישט דאָס, אַז די דאָזיקע לערע איז נישט געווען קיין סאָציאַליסטישע, נישט דאָס, אַז זי האָט נישט אַנטהאַלטן קיין קריטישע מאָמענטן, וועל־כע זאָלן קאָנען צושטעלן אַ ווערטפולן מאַטעריאַל פאַר דער בילדונג פון די פאָרגעשריטענע קלאַסן.

עס איז פאַראַן אַ סאָציאַליזם און אַ סאָציאַליזם. אין אַלע לענדער מיט אַ קאַפּיטאַליסטישן פּראָדוציר־אופן איז פאַראַן אַ סאָציאַליזם, וועל־

כער דריקט אויס די אידעאָלאָגיע פון דעם קלאַס, וואָס גייט פאַרבייטן די בורזשואַזיע, און ס'איז פאַראַן אַ סאָציאַליזם, וועלכער אַנטשפּרעכט דער אידעאָלאָגיע פון די קלאַסן, וואָס די בורזשואַזיע גייט זיי פאַרבייטן. דער פעאָדאַלער סאָציאַליזם איז, למשל, אַ סאָציאַליזם פון לעצטן סאָרט, און דעם כאַראַקטער פון אַזאַ סאָציאַליזם איז שוין פונלאַנג, מיט העכער 60 יאָר צוריק, אָפּגעשאַצט געוואָרן דורך מאַרקסן גלייכצייטיק מיט דער אָפּשאַצונג פון אַנדערע מינים פון סאָציאַליזם.

ווייטער. די קריטישע עלעמענטן זיינען אייגנטימלעך פאַר דער אוטאָפּיסטישער לערע פון ל. טאָלסטאָיען פונקט אַזוי, ווי זיי זיינען אייגנטימלעך פאַר פיל אוטאָפּישע סיסטעמען. נאָר מע דאַרף נישט פאַרגעסן די טיפע באַמערקונג פון מאַרקסן, אַז די באַדייטונג פון די קריטישע עלעמענטן אין אוטאָפּישן סאָציאַליזם „שטייט אין אַ פאַרקערטער פּראָפּאָרץ צו דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג”. וואָס מער זי אַנטוויקלט זיך, וואָס אַ מער באַשטימטן כאַראַקטער עס נעמט אָן די טעטיקייט פון די געזעלשאַפטלעכע כוחות, וועלכע „פאַרמירן” דאָס נייע רוסלאַנד און טראָגן אויסלייזונג פון די הייגטצייטיקע סאָציאַלע צרות, אַלץ שנעלער „פאַרלירט יעדן פּראַקטישן זין און יעדע טעאָרעטישע באַרעכטיקונג” דער קריטיש־אוטאָפּישער סאָציאַליזם.

מיט אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק האָבן די קריטישע עלעמענטן פון טאָלסטאָיס לערע געקאָנט אַמאָל ברענגען אין דער פּראַקטיק אַ נוצן אייניקע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, נישט געקוקט אויף די רעאַקציאָנערע און אוטאָפּישע שטריכן פון דער טאָלסטאָווּשטשינע. אין משך פון לעצטן, לאָמיר זאָגן, יאָרצענדליק האָט דאָס שוין נישט געקאָנט זיין אַזוי, דערפאַר, וואָס די היסטאָרישע אַנטוויקלונג האָט אַ שפּאַן געטאָן נישט ווייניק פאָרויס פון די 80־ער יאָרן ביז אין סוף פון פאָריקן יאָרהונדערט. און אין אונדזערע טעג, נאָך דעם, ווי אַ ריי אויבנאָנגעוויזענע געשעענישן האָבן געמאַכט אַ סוף צו דער „מזרחדיקער” אומבאַוועגלעכקייט, אין אונדזערע טעג, ווען צווישן דער ליבעראַלער בורזשואַזיע האָבן באַקומען אַזאַ ריזיקן פאַרשפּרייט די רעאַקציאָנערע אידייען פון די „ווייעכאָווצעס”, די באַוווסטזיניק־רעאַקציאָנערע אין ענג־קלאַסאַווען, גיריק־קלאַסאַוון זין, — ווען די דאָזיקע אידייען האָבן אָנגעשטעקט אַפילו אַ טייל פון די אויך־מיר מאַרקסיסטן, שאַפנדיק אַ „ליקווידאַטאָרישע” ריכטונג, — אין אונדזערע טעג ברענגט יעדער פּרוּוו צו אידעאַליזירן די לערע פון טאָלסטאָיען, פון באַרעכטיקן אָדער מילדערן זיין „נישט

אנטקעגנשטעלן זיך”, זיינע אַפּעלאַציעס צום „גייסט”, זיינע רופן צו „מאָראַלישער זעלבסטפאַרפולקאָמונג”, זיינע דאָקטרינעס וועגן „געוויסן” און אַלגעמיינער „ליבע”, זיין פריידיקן אַסקעטיזם און קוויעטיזם און ד. גל. דעם סאַמע דירעקטן און סאַמע טיפן שאָדן.

„ל. נ. טאָלסטאָי און זיין עפּאָכע” 1911 ב. 15
ז. 100—103.

## דער אָנהייב פון דעמאָנסטראַציעס

...דער פּראָלעטאַריאַט האָט אָנגעהויבן. די אַנדערע, בורזשואַזע, דעמאָקראַטישע קלאַסן און שיכטן פון דער באַפעלקערונג, זעצן פאָר. דער טויט פון דעם מעסיק־ליבעראַלן פאָרזיצער פון דער 1־טער דומע, מוראַמצעוו, וועלכער איז פרעמד געווען דער דעמאָקראַטיע, רופט אַרויס דעם ערשטן נישט דריסטן אָנהייב פון מאַניפעסטאַציעס. דער טויט פון לעוו טאָלסטאָיען רופט אַרויס — צום ערשטן מאָל נאָך אַ לאַנגן איבעררייס — גאַסן־דעמאָנסטראַציעס מיט דער באַטייליקונג הויפּטזעכלעך פון דער סטודענטשאַפט, און טיילווייז אויך פון די אַרבעטער. דאָס איבעררייסן די אַרבעט דורך אַ גאַנצע ריי פון פאַבריקן און זאַוואָדן אין טאָג פון טאָלסטאָיס לוויה ווייזט דעם אָנהייב, כאָטש זייער אַ באַשיידענעם, פון דעמאָנסטראַטיווע שטרייקן.

„דער אָנהייב פון דעמאָנסטראַציעס” 1910
ב. 14, ז' 392—393.

# לעניִן און גאָרקי

## (גאָרקי און רעוואָלוציאָנערע דעמאָנסטראַציעס)

...און אַט זעען מיר שוין, אַז די דעמאָנסטראַציעס באַנײען זיך צוליב די סאַמע פאַרשידנסטע סיבות סײ אין ניזשני, סײ אין מאָסקווע, סײ אין כאַרקאָוו. די אױפרעגונג וואַקסט אומעטום, און די נײטװענדיקײט צו פאַרײניקן זי אין אײן שטראָם קעגן דער זעלבסטהערשאַפט, װעלכע פאַרזײט אומעטום ווילקיר, אונטערדריקונג און געוואַלט, ווערט אַלץ עקשנותדיקער. אין ניזשני איז די נישט גרױסע אָבער אײנגעגעבענע דעמאָנסטראַציע פון 7־טן נאָוועמבער געװאָרן אַרױסגערופן בעת דעם באַגלײטן מאַקסים גאָרקין: דעם אײראָפּעיִש באַרימטן שרײַבער, װאָס זײַן גאַנץ געװער איז באַשטאַנען — װי עס האָט זיך ריכטיק אױסגעדריקט דער רעדנער פון ניזשני־נאָווגאָראָדער דעמאָנסטראַציע — אין פרײַען װאָרט, האָט די זעלבסטהערשערישע רעגירונג אַרױסגעשיקט אָן שום געריכט און אױספאָרשונג פון זײַן אײגענער שטאָט. די באַשיבוזוקן * באַשולדיקן אים אין אַ שלעכטער װירקונג אױף אונדז, — האָט געזאָגט דער רעדנער אין נאָמען פון אַלע רוסישע מענטשן, אין װעלכע עס איז פאַראַן כאָטש אַ טראָפּן שטרעבונג צו ליכט און פרײַהײט, — און מיר דערקלערן, אַז דאָס איז געװען אַ גוטע װירקונג. די אָפּריטשניקעס ** װילדעװען אין דער שטיל, און מיר װעלן זײַערע װילדקײטן אַרױסטראָגן אין דער עפנטלעכקײט, אָפן פאַר יעדן. בײַ אונדז שלאָגט מען אַרבעטער, װעלכע פאַרטײדיקן זײער רעכט אױף אַ בעסער לעבן, בײַ אונדז שלאָגט

*) אַ זעלנער פון דער טערקישער נישט רעגולערער פיכאָטע, װערבירט פון די סאַמע קריגערישע שבטים פון קלײן אַזיע. װערט באַנוצט אין רוסישן צו באַצײכענען מענטשן, װעלכע זײַנען פעיִק אױף די ערגסטע גרױזאַמקײטן און געװאַלדטאַטן. — רעד.

**) ספּעציעלער אָרט זעלנער בײַ איוואַן גראָזני — רעד.

מען סטודענטן, וועלכע פּראָטעסטירן קעגן ווילקיר, ביי אונדז שטיקט מען יעדעס ערלעך און דרייסט וואָרט! — די דעמאָנסטראַציע, אין וועלכער עס האָבן אָנטיילגענומען אויך ארבעטער האָט זיך פארענדיקט מיט א פייערלעכער דעקלאמאציע פון א סטודענט: „דער ווילקיר וועט אונטערגיין, און אויפשטיין וועט דאָס פאָלק, מעכטיק, פריי און שטאַרק!".

אין מאָסקווע האָבן גאָרקין אָפּגעוואַרט אויפן וואָקזאַל הונדערטער שטודירנדיקע, און די איבערגעשראָקענע פּאָליציי האָט אים ארעסטירט אינמיטן וועג אין וואגאָן, פאַרוועגט (נישט געקוקט אויף דער ספּעציעלער דערלויבעניש, וועלכע מען האָט אים פריער געגעבן) אריינצופאָרן קיין מאָסקווע און געצוווּנגען אריבערצופאָרן דירעקט פון ניזשנע־נאָווגאָראָדער ליניע אויף דער קורסקער. די דעמאָנסטראַציע צוליב דעם ארויסשיקן גאָרקין האָט זיך נישט איינגעגעבן, נאָר דעם 18־טן איז פאָרגעקומען אָן שום צוגרייטונג א קליינע דעמאָנסטראַציע פון סטודענטן און „זייטיקע פּערזאָנען" (ווי עס דריקן זיך אויס אונדזערע מיניסטאָרן) פאַר דעם הויז פון גענעראַל־גובערנאַטאָר צוליב דעם פאַרבאָט פון אָן אָוונט לכבוד דעם אָנדענק פון נ. א. דאָבראָליובאָוון, וואָס דעם 17־טן נאָוועמבער איז געוואָרן 40 יאָר נאָך זיין טויט. דער פאַרשטייער פון דער זעלבסטהערשערישער מאכט אין מאָסקווע איז אויסגעפייפט געוואָרן דורך די מענטשן, וואָס זיי איז, ווי דעם גאנצן געבילדעטן און דענקנדיקן רוסלאַנד, טייער דער שרייבער, וועלכער האָט ליידנשאַפטלעך געהאסט דעם ווילקיר און ליידנשאַפטלעך געוואַרט אויף א פאָלקס־אויפשטאַנד קעגן די „אויבערניקסטע טערקן" — קעגן דער זעלבסטהערשערישער רעגירונג. דער אויספיר־קאָמיטעט פון די מאָסקווער סטודענטישע אָרגאַניזאַציעס האָט ריכטיק אָנגעוויזן אין זיין ביולעטין פון 23־טן נאָוועמבער, אז די דאָזיקע נישט צוגעגרייטע דעמאָנסטראַציע דינט ווי א קלאָרער באַווייז פון אומצופרידנקייט און פּראָטעסט.

„דער אָנהייב פון דעמאָנסטראַציעס" 1901
ב. 4, ז' 346—345.

## (פון „די באַמערקונגען פון א פּובליציסט")

...מיר האָבן אנאַליזירט די ערשטע אָפּווייכונג פון דער נייער פּלאַטפאָרם פון יענער טאַקטיק, וועלכע איז געווען פאָרמולירט אין דער רעזאָלוציע פון דער דעצעמבער־קאָנפערענץ פון יאָר 1908. מיר האָבן געזען, אז דאָס איז אן אָפּווייכונג אין דער זייט פון די אידייען פון די

אטזאָוויסטן, [89]) אין דער זייט פון די אידייען, וועלכע האָבן נישט קיין שום געמיינזאַמעס נישט מיט דעם מאַרקסיסטישן אַנאַליז פון דעם דורכגעלעבטן מאָמענט, נישט מיט די גרונטיקע הנחות פון דער טאַקטיק פון די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל־דעמאָקראַטן בכלל. מיר דאַרפן איצט באַטראַכטן דעם צווייטן אָריגינעלן שטריך פון דער נייער פּלאַטפאָרם.

דאָס איז די אויפגאַבע, וועלכע עס האָט פּראָקלאַמירט די נייע גרופּע, „צו שאַפן" און פאַרשפּרייטן צווישן די מאַסן די נייע פּראָלעטאַרישע קולטור: „אַנטוויקלען די פּראָלעטאַרישע וויסנשאַפט, פאַרפעסטיקן עכט־חברישע באַציונגען אין דער פּראָלעטאַרישער סביבה, אויסאַרבעטן אַ פּראָלעטאַרישע פילאָזאָפיע, ריכטן די קונסט אין דער זייט פון די פּראָלעטאַרישע שטרעבונגען און דערפאַרונג" (זייט 17).

אָט איז אַ מוסטער פון דער דאָזיקער נאַאיווער דיפּלאָמאַטיע, וועלכע דינט אין דער נייער פּלאַטפאָרם צוצודעקן דעם תוך פון דער זאַך! אָבער צי איז דאָס נישט נאַאיוו, ווען צווישן „וויסנשאַפט" און „פילאָזאָפיע" שטעלט מען אַריין דאָס „פאַרפעסטיקן די עכט־חברישע באַציונגען"? אין דער פּלאַטפאָרם טראָגט אַריין די נייע גרופּע אירע פּרעטענזיעס, אירע באַשולדיקונגען קעגן די אַנדערע גרופּעס (נעמלעך: קעגן די אָרטאָדאָקסישע באָלשעוויקעס אין דער ערשטער ריי), אַז זיי צעשטערן די „עכט־חברישע באַציונגען". אָזאַ איז נעמלעך דער רעאַלער אינהאַלט פון דעם דאָזיקן לעכערלעכן פּונקט:

„די פּראָלעטאַרישע וויסנשאַפט" זעט דאָ אויס אויך „טרויעריק און נישט אויפן אָרט". ערשטנס, ווייסן מיר איצט נאָר וועגן איין פּראָלעטאַרישער וויסנשאַפט — וועגן מאַרקסיזם. די אויטאָרן פון דער פּלאַטפאָרם מיידן עפּעס אויס סיסטעמאַטיש דעם דאָזיקן איינציק פּינקטלעכן טערמין, אַריינשטעלנדיק אומעטום די ווערטער: „וויסנשאַפטלעכער סאָציאַליזם" (זייט 13, 15, 16, 20, 21). ס'איז באַוווּסט, אַז אויף דעם דאָזיקן לעצטן טערמין פּרעטענדירן ביי אונדז אין רוסלאַנד אויך די־רעקטע קעגנער פון מאַרקסיזם. צווייטנס, אויב אַריינשטעלן אין דער פּלאַטפאָרם די אויפגאַבע פון אַנטוויקלען די „פּראָלעטאַרישע וויסנשאַפט", טאָ דאַרף מען זאָגן קלאָר, וועלכן אייגנטלעך אידעיישן, טעאָרעטישן קאַמף פון אונדזער צייט האָבן זיי דאָ אין זין און אויף וועלכער זייט אייגנטלעך שטעלן זיך די אויטאָרן פון דער פּלאַטפאָרם. דאָס שווייגן וועגן דעם איז אַ נאַאיווע כיטרעקייט, ווייל דער תוך פון דער

זאך איז קלאָר פאר יעדן, וואָס קען די ס.ד.־ליטעראַטור פון די יאָרן 1908—1909. אין אונדזער צייט האָט זיך אויף דעם געביט פון וויסנשאַפט, פילאָזאָפיע און קונסט אַרויסגערוקט דער קאַמף צווישן די מאַרקסיסטן און מאַכיסטן. ווייניקסטנס איז לעכערלעך צו פאַרמאַכן די אויגן אויף דעם דאָזיקן אַלגעמיין־באַקאַנטן פאַקט. „פּלאַטפאָרמעס" דאַרף מען שרייבן נישט כדי צו פאַרווישן מיינונגס־פאַרשידנהייטן, נאָר כדי זיי אויפצוקלערן.

אומגעשיקט גיבן זיך אויס אונדזערע אויטאָרן אין דעם ציטירטן אָרט פון דער פּלאַטפאָרם. אלעמען איז באַוווּסט, אַז אין דער ווירקלעכקייט אונטער „פּראָלעטאַרישע פילאָזאָפיע" האָט מען פּאַקטיש אין זין דעם מאַכיזם, — און יעדער זאַכלעכער סאָציאַל־דעמאָקראַט וועט גלייך אויפדעקן דעם „נייעם" פּסעוודאָנים. עס איז נישט געווען צוליב וואָס אויסצוטראַכטן דעם דאָזיקן פּסעוודאָנים. ס'איז נישטאָ צוליב וואָס זיך צו באַהאַלטן הינטער אים. אין דער ווירקלעכקייט איז דער סאַמע ווירקנדיקער ליטעראַרישער קערן פון דער נייער גרופּע דער מאַכיסטישער, וועלכער האַלט די נישט מאַכיסטישע פילאָזאָפיע פאַר נישט קיין „פּראָלעטאַרישער".

אַזוי האָט מען אויך באַדאַרפט זאָגן, אויב זיי האָבן געוואָלט רעדן וועגן דעם אין דער פּלאַטפאָרם: די נייע גרופּע פאַראייניקט מענטשן, וועלכע ווילן קעמפן קעגן נישט־„פּראָלעטאַרישע", ד. ה. נישט מאַכיסטישע טעאָריעס אין דער פילאָזאָפיע און אין דער קונסט. דאָס וואָלט געווען אַ גלייכע, אמתדיקע, אָפענע אַרויסטרעטונג פון אַן אידעישער ריכטונג, וועלכע איז אַלעמען באַקאַנט, און אַרויסטרעטונג צו אַ קאַמף מיט אַנדערע ריכטונגען. ווען מען גיט צו דעם אידעישן קאַמף אַ וויכטיקע באַדייטונג פאַר דער פּאַרטיי, דאַן טרעט מען גראָד אַרויס מיט אַ דירעקטע מלחמה־דערקלערונג, און נישט מע באַהאַלט זיך.

און מיר וועלן רופן אַלע צו אַ באַשטימטן קלאָרן ענטפער אויף דעם פאַרבאָרגענעם אופן פון אַרויסטרעטן אין אַ פילאָזאָפישן קאַמף מיטן מאַרקסיזם אין דער פּלאַטפאָרם. אין דער ווירקלעכקייט פאַרבאָרגן די אַלע פראַזן וועגן „פּראָלעטאַרישער קולטור" טאַקע דעם קאַמף מיטן מאַרקסיזם. די „אָריגינעלקייט" פון דער נייער גרופּע באַשטייט דערין, וואָס זי האָט אין אַ פּאַרטייאישער פּלאַטפאָרם אַריינגעבראַכט פילאָזאָפיע, נישט זאָגנדיק אָפן, וועלכע ריכטונג אין דער פילאָזאָפיע זי פאַרטיידיקט אייגנטלעך.

איבעריקנס, וואָלט מען נישט געקאָנט זאָגן, אַז דער רעאַלער אינהאַלט, וועלכן עס האָבן די ציטירטע ווערטער פון דער פּלאַטפאָרם, איז אינגאַנצן א נעגאַטיווער. הינטער זיי באַהאַלט זיך אויס אויך א געוויסער פּאָזיטיווער אינהאַלט. דעם דאָזיקן פּאָזיטיוון אינהאַלט קאָן מען אויסדריקן מיט איין וואָרט: מ. גאָרקי.

און ווירקלעך, צי וואָס אויסבאַהאַלטן דעם פאַקט, וועגן וועלכן עס האָט שוין אויסגעשריגן (פּאַרקרימענדיק און פאַרדרייענדיק אים) די בורזשואַזע פּרעסע, נעמלעך, אַז מ. גאָרקי געהער צו די אָנהענגער פון דער נייער גרופּע. און גאָרקי איז אומבאַדינגט דער גרעסטער פּאָרשטייער פון דער פּראָלעטאַרישער קונסט, וועלכער האָט פאַר איר פיל געטאָן און נאָך מער קאָן ער טאָן. יעדע פראַקציע פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי קאָן מיט רעכט שטאָלצירן מיט דער אָנגעהעריקייט פון גאָרקין צו איר, נאָר אויף דעם סמך אַריינשטעלן אין דער פּלאַטפאָרם „פּראָלעטאַרישע קונסט" באַדייט אויסשטעלן דער דאָזיקער פּלאַטפאָרם א צייגעניש פון אָרעמקייט, באַדייט דערפירן די אייגענע גרופּע צו א ליטעראַרישן קרייז, וועלכע דעמאַסקירט זיך אַליין גראָד אין „אויטאָריטאַרישקייט"... די אויטאָרן פון דער פּלאַטפאָרם ריידן זייער פיל קעגן דעם אָנערקענען אויטאָריטעטן, נישט אויפקלערנדיק אָפן, אין וואָס עס גייט. עס האַנדלט זיך אין דעם, וואָס זיי דוכט זיך, אַז דאָס פאַרטיידיקן דעם מאַטעריאַליזם אין דער פילאָזאָפיע און דער קאַמף מיט דעם אָטזאָוויזם בײַ די באָלשעוויקעס איז אַן אונטערנעמונג פון באַזונדערע „אויטאָריטעטן" (א דעליקאַטער אָנדייט אויף א וויכטיקן אומשטאַנד!), אין וועלכע די שונאים פון מאַכיזם, מבֿלומרשט, „גלייבן בלינד". אַזעלכע אײַנפאַלן זיינען, זיכער, פולשטענדיק קינדערישע. גראָד מיט אויטאָריטעטן באַנעמען זיך די „וופּעריאָדאָווצעס" [40]) נישט גוט. גאָרקי איז אַן אויטאָריטעט אויפן געביט פון פּראָלעטאַרישער קונסט, דאָס אונטערליגט נישט קיין דיסקוסיע. באַמיען זיך „אויסצונוצן" (פאַרשטענדלעך, אין אידעישן זין) דעם דאָזיקן אויטאָריטעט, כּדי צו פאַרפעסטיקן דעם מאַכיזם און אָטזאָוויזם — באַדייט געבן א מוסטער דערפון, ווי אַזוי מען טאָר מיט אויטאָריטעטן זיך נישט באַנעמען.

אויפן געביט פון פּראָלעטאַרישער קונסט איז מ. גאָרקי א ריזיקער פּליוס, נישט געקוקט אויף זיין סימפּאַטיע צום מאַכיזם און אָטזאָוויזם. אויפן געביט פון אַנטוויקלען די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּראָלעטאַרישע באַוועגונג איז די פּלאַטפאָרם, וועלכע זונדערט אָפּ אין דער פּאַרטיי א

גרופּע אָטזאָווּיסטן און מאַכיסטן, אַרויסדרוקנדיק ווי אַ ספּעציעלע אויפ־גאַבע פון דער גרופּע די מכלומרשטע אַנטוויקלונג פון דער „פּראָלעטאַ־רישער" קונסט — אַ מינוס, ווייל די דאָזיקע פּלאַטפאָרם וויל פאַרפּעס־טיקן און אויסנוצן אין דער טעטיקייט פון אַ גרויסן אויטאָריטעט גראָד דאָס, וואָס שטעלט פאַר זיין שוואַכע זייט, וואָס גייט אַריין ווי אַ נעגאַ־טיווע גרייס אין דער סומע פון דעם ריזיקן נוצן, וועלכן ער האָט גע־בראַכט דעם פּראָלעטאַריאַט.

„באמערקונגען פון א פובליציסט" 1910
ב. 14 ז' 299—297.

# פון וו. איליִנס קאָרעספּאָנדענץ

(פון א בריוו צו א. מ. גאָרקין אויפן אינדזל קאַפּרי—איטאַליע)

2 פעברואר 1908 (זשענעווע)

...מיר זיינען זיך דאָ צונויפגעפאָרן אלע דריי, געשיקט פון רוסלאַנד, כדי ארויסצוגעבן דעם „פּראָלעטאַריער" (באָגדאַנאָוו איך און איין פּראַקטיקער). * אלץ איז איינגעאָרדנט, די טעג לאָזן מיר ארויס אַן אַנאָנס. מיר רעכענען אייך אריין פאר א מיטאַרבעטער. שרייבט אַן א פּאָר ווערטער, איר וואָלט געקאָנט געבן עפּעסוואָס פאר די ערשטע נומערן (אפשר אין גייסט פון די נאָטיצן וועגן בירגערטום פון „נאָוואַיאַ זשיזן", אָדער פראַגמענטן פון א דערציילונג, וועלכע איר שרייבט, און ד. גל.).

איך דריק פעסט אייער האַנט
א גרוס מ. פ. —ניען! **
אייער וו. אוליאַנאָוו
ב. 28 ז. 518

13 פעברואר 1908 (זשענעווע)

א. וו. לונאַטשאַרסקין אין איטאַליע

אַנאַטאָלי וואַסיליעוויטש!

טייערער אַנ. וואַס.!...

...אייער פּראָיעקט וועגן א בעלעטריסטישער אָפּטיילונג אין „פּראָלעטאַריער" און וועגן איבערגעבן זי א. מ—טשן *** איז אויסגעצייכנט

*) י. פּ. דובראָווינסקי. — רעד.
**) מ. פ. אַנדרייעווא. — רעד.
***) א. מ. גאָרקי. — רעד.

און פרייט מיך אויסערגעוויינלעך. איך האָב טאַקע געחלומט וועגן דעם, צו פאַרוואַנדלען די ליטעראַריש־קריטישע אָפּטיילונג פון „פּראָלעטאַריער" אין א שטענדיקער, און זי איבערגעבן א. מ—טשן. נאָר איך האָב מורא געהאַט, שרעקלעך מורא געהאַט דירעקט דאָס פאָרצולייגן, ווייל איך ווייס נישט דעם כאַראַקטער פון דער אַרבעט (און די נייגונג צו אַר־בעט) פון א. מ—טשן. אויב א מענטש איז פאַרנומען מיט אַן ערנסטער גרויסער אַרבעט, אויב דער דאָזיקער אַרבעט וועט ברענגען שאָדן דאָס אָפּרייסן זיך צוליב קלייניקייטן, צוליב א צייטונג, צוליב פּובליציסטיק, — דאַן וואָלט געווען א נאַרישקייט און א פאַרברעכן אים צו שטערן און אָפּרייסן! דאָס פאַרשטיי איך זייער גוט און פיל עס.

אייך אויפן אָרט איז קלאָרער, טייערער אַנ. וואַס., אויב איר האַלט, אַז מיר וועלן קיין שאָדן נישט ברענגען דער אַרבעט פון אַל. מ—טשן, אין פאַל, ווען מיר וועלן אים איינשפּאַנען אין רעגולערער פּאַרטייאישער אַרבעט (און די פּאַרטייאישע אַרבעט וועט דערפון א מאַסע געווינען), טאָ באַמיט זיך דאָס איינצואָרדענען...

ב. 28 ז. 521

## צו א. מ. גאָרקין

### אויפן אינדזל קאַפּרי (איטאַליע)

ערשטע העלפט אַפּריל 1908 (זשענעווע)

וואָס האָבן מיר עפּעס נישט פון אייך, טייערער א. מ., קיין ידיעות? שוין לאַנג, האָט איר געשריבן, אַז איר האָט פאַרענדיקט א גרעסערע אַרבעט, געקליבן זיך אונדז צו העלפן אין „פּראָלעטאַריער". ווען זשע? וואָס וואָלט געווען, ווען איר וואָלט אַזוי געטאָן א שרייב אַן א פעליע־טאָן וועגן טאָלסטאָיען אָדער ד. ג.? שרייבט, צי איר האָט בדעה?.

אַל. אַל. * איז אוועקגעפאָרן צו אייך. איך קאָן נישט, נישט אוועק־וואַרפן די צייטונג, נישט אָפּרייסן זיך פון דער אַרבעט, נאָר דאָס איז בלויז אָפּגעלייגט אויף א שטיקל צייט, איך וועל דאָך קומען.

ווי איז לויט אייך נאָך דער „פּראָלעטאַריער"? ער איז אָן אויפ־זיכט. איך האָב נאָך קיינמאָל נישט אַזוי גרינגעשעצט מיינע א צייטונג:

---

* א. א. באָגדאַנאָוו. — רעד.

גאנצענע טעג לייען איך די פארשאָלטענע מאַכיסטן, און די אַרטיקלען אין דער צייטונג שרייב איך אומגלויבלעך שנעל.

נו, איך דריק די האנט

אייער לענין

מ. פ—כייען * טויזנטער גרוסן! איך וועל אויפן וועליסאָפּעד צו איר קומען צו פאָרן!

באשטעלט אויך ביי אנאטאָלי וואסיליעוויטשן ער זאָל שרייבן אין „פּראָלעטאריער"! גיט מיר די מעגלעכקייט זיך אויסצוזידלען פילאָזאָפיש, העלפט דערוייל דעם „פּראָלעטאַריער"!

ב. 28 ז. 538

## א. מ. גאָרקין

16טן נאָוועמבער 1909

טייערער אַלעקסיי מאַקסימאָוויטש! איך האָב די גאַנצע צייט גע־האַט די פולסטע איבערצייגונג, אַז איר און דער חבר מיכאַיל זענט די פאַמע פעסטע פראַקציאָנערן פון דער נייער פראַקציע, מיט וועלכע עס וואָלט געווען אומזיניק איך זאָל זיך פּרווון אַדורכרעדן אויף אַ חבּרישן אופן. היינט האָב איך צום ערשטן מאָל געזען דעם חבר מיכאַיל, גע־שמועסט מיט אים אָפנהאַרציק וועגן דער אַרבעט און וועגן אייך, און זיך אַרומגעזען, אַז איך האָב זיך שווער טועה געווען. גערעכט איז גע־ווען דער פילאָזאָף העגעל, אויף מיין וואָרט: דאָס לעבן גייט פאָרויס מיט קעגנזאַצן, און די לעבעדיקע קעגנזאַצן זיינען פיל מאָל רייכער, פאַר־שידנאַרטיקער, איינהאַלטלעכער, איידער ווי דעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד דאַכט זיך אויפן ערשטן בליק. איך האָב באַטראַכט די שול נאָר ווי אַ צענטער פון דער נייער פראַקציע. האָט זיך אַרויסגעוויזן, דאָס איז נישט ריכטיק — נישט אין דעם זין, אַז זי זאָל נישט האָבן געווען דער צענטער פון דער נייער פראַקציע (די שול איז געווען דער דאָזיקער צענטער און זי איז אַזאַ איצט), נאָר אין דעם זין, אַז דאָס איז נישט אַלץ, אַז דאָס איז נישט דער גאַנצער אמת. סובּיעקטיוו האָבן אייניקע מענטשן געמאַכט פון דער שול אַזאַ צענטער, אָביעקטיוו איז זי דאָס געווען, נאָר אויסער דעם, האָט די שול געשעפּט פון ווירקלעכן אַרבעטער־לעבן פון

---

*) מ. פ. אַנדרייעוואַ. — רעד.

ווירקלעכע פֿאָרגעשריטענע ארבעטער. ס'איז אויסגעקומען אזוי, אז אויסער דעם קעגנזאץ צווישן דער אלטער און נייער פּראקטיק, איז אויך קאַפּרי אנטשטאנען א קעגנזאץ צווישן א טייל פֿון דער סאָציאַל־דעמאָקראטישער אינטעליגענץ און די פּשוטע ארבעטער, וועלכע ווילן ארויספֿירן די סאָציאַל־דעמאָקראטיע אויפֿן ריכטיקן וועג. פאר יעדן פּרייז און וואָס עס זאָל נישט פֿאָרקומען, ווילן ארויספֿירן קעגן אלע אויסלענדישע רייסעריען, קריגעריען, „געשיכטעס" און א. וו. און ד. ג. אזעלכע מענטשן, ווי מיכאיל זיינען א גאראנטיע דערפֿאַר. און נאָך האָט זיך ארויסגעוויזן, אז אין דער שול איז אנטשטאנען א קעגנזאץ צווישן די עלעמענטן פֿון דער קאַפּרישער סאָציאַל־דעמאָקראטישער אינטעליגענץ.

פֿון מיכאילס ווערטער זע איך, טייערער א. מ., אז אייך איז איצט זייער שווער. די ארבעטער־באַוועגונג און די סאָציאַל־דעמאָקראטיע איז אייך גלייך אויסגעקומען צו דערזען פֿון אזא זייט, אין אזעלכע האנדלונגען, אין אזעלכע פֿאָרמען, וועלכע האָבן שוין נישט איינמאָל אין דער געשיכטע פֿון רוסלאנד און מערב־אייראָפּע דערפֿירט די אינטעליגענטישע שוואכגלויביקע צו אנטוישן זיך אין דער ארבעטער־באַוועגונג און אין דער סאָציאַל־דעמאָקראטיע. איך בין זיכער, אז מיט אייך וועט דאָס נישט געשען, און נאָך דעם שמועס מיט מיכאילן ווילט זיך מיר שטארק דריקן אייער האנט. מיט אייער טאלענט פֿון א קינסטלער האָט איר געבראכט דער ארבעטער־באַוועגונג אין רוסלאנד — און נישט נאָר אין רוסלאנד — אזא ריזיקן נוץ. איר וועט נאָך ברענגען אזויפֿיל נוץ, אז אין קיין שום פֿאל איז אייך נישט דערלויבט זיך איבערצוגעבן אין רשות פֿון די שווערע שטימונגען, וועלכע ווערן ארויסגערופֿן דורך די עפּיזאָדן פֿון אויסלענדישן קאמף. עס זיינען פֿאראן באדינגונגען, ווען דאָס לעבן פֿון דער ארבעטער־באַוועגונג געבוירט אומפֿארמיידלעך דעם דאָזיקן אויסלענדישן קאמף און די שפּאלטונגען, רייסעריען, און געשלעגן פֿון קרייזלעך — דאָס איז נישט דערפֿאַר, וואָס די ארבעטער־באַוועגונג איז אינערלעך שוואַך, אָדער די סאָציאַל־דעמאָקראטיע אינערלעך פֿעלערהאפֿט, נאָר דערפֿאַר, וואָס צו פֿארשידנארטיק און פֿארשידנקאָליבערדיק זיינען די עלעמענטן, פֿון וועלכע דעם ארבעטער־קלאס קומט אויס אויסצושמידן פֿאַר זיך זיין פּארטיי. ער וועט אויסשמידן אין יעדן פֿאל, ער וועט אויסשמידן אן אויסגעצייכנטע רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל־דעמאָקראטיע אין רוסלאנד, ער וועט אויסשמידן שנעלער, איידער ווי עס דאכט זיך אמאָל פֿון שטאנדפּונקט פֿון דער פֿארשאָלטענער עמיגראנטישער לאגע, ער וועט אויסשמידן זיכערער, איידער ווי עס שטעלט זיך פֿאָר, אויב מע זאָל אור־

טיילן לויט אייניקע אויסערלעכע דערשיינונגען און באזונדערע עפּיזאָדן. אזעלכע מענטשן, ווי מיכאיל, זיינען א גאראנטיע דערפאר.

איך דריק פעסט די האנט אייך און מאריע פעדאָראָוונע, ווייל איצט האָב איך א האָפענונג, אז אונדז וועט נאָך אויסקומען צו טרעפן זיך נישט ווי קיין שונאים.

אייער לענין

ב. 14 ז. 187—186

### א. מ. גאָרקין

## אויפן אינדזל קאפּרי

אָנהייב 1912, פאריז

טייערער א. מ.! אין קורצן וועלן מיר אייך צושיקן די באשלוסן פון דער קאָנפערענץ.* ענדלעך האָט זיך איינגעגעבן — אויף צו־להכעיס דער ליקווידאטאָרישער געמיינער באנדע, אויפצולעבן די פּאַר־טיי און איר צענטראַל־קאָמיטעט. איך האָף, אז איר וועט זיך דערפרייען דערמיט צוזאמען מיט אונדז.

צי וועט איר נישט אָנשרייבן א מאַי־אויפרוף? אָדער א פלוג־בלעטל אין דעם גייסט? א קורצס „גייסטיק־דערהויבנדיקס", אַ? דערמאָנט זיך די אלטע יאָרן — דערמאָנט זיך אין יאָר 1905 — און וואַרפט אָן א פּאָר ווערטער, אויב עס וועט אייך אָנקומען דער חשק אָנצושרייבן. אין רוסלאנד זיינען פאראן 2—3 אומלעגאלע טיפּאָגראַפיעס, און דער צ. ק. וועט דאָס איבערדרוקן, וואַרשיינלעך, אין עטלעכע צענדליק טויזנט. עס וואָלט גוט געווען צו הערן א רעוואָלוציאָנערע פּראָקלאמאציע אין גייסט פון די מעשהלעך אין „זוויעזדאַ".** איך בין זייער און זייער צופרידן, וואָס איר העלפט דער „זוויעזדאַ". ס'איז איצט טייוולאָניש שווער מיט איר — סיי די אינערלעכע, סיי די אויסערלעכע, סיי די פינאנס־שוועריקייטן זיינען אומענדלעך —און דאָך ציען מיר דערוויל.

איך דריק די האנט — לענין

פ. ס. און דער „סאָוורעמעניק" האָט זיך סוף־כל־סוף אָנגעשטויסן צו שטאַרבן! א גוטער טאַט פון זיין זייט.

ב. 24 ז. 19

---

*) פּאַריזער קאָנפערענץ פון 1912. — רעד.

**) אין דער „זוויעזדאַ" האָט גאָרקי אָפּגעדרוקט אַ ריי שאַפונגען אונטער דעם אַלגעמיינעם נאָמען „מעשהלעך". — רעד.

## א. מ. גאָרקין

### אויפן אינדזל קאפרי

פעברואר־מערץ 1912 פאריז

טייערער א. מ.

איך בין זייער צופרידן, וואָס איר האָט מסכים געווען צו פרווון אָנשרייבן א מאי־אויפרוף.

איך ליג ביי די באַשלוסן פון דער קאָנפערענץ.

די „זשיוואַיע דיעלאָ" האָב איך געזען... א מיאוס ליקווידאַטאָריש שטיקל ארבעט מיט א „שטאַנדפונקטל". א ליבעראַלע דרשה; זיי זײַנען צופרידן, וואָס די פּאָליציי שטערט אָפּן אַרויסצושטעלן די פראגע וועגן דער פּאַרטיי.

די „זוויעזדא" וועט ווייטער דערשיינען אָדער ווי א וואָכנטלעכע, אָדער אין דער פאָרם פון א טעגלעכע קאָפּיקע־צײַטונג. מיט די פּעטערבורגער מעשהלעך האָט איר זייער אַרויסגעהאָלפן דער „זוויעזדא", און דאָס האָט מיר אויסערגעוויינלעך געפרייט, אזוי, אז די פרייד — אויב רעדן אָפן — האָט איבערגעוויגן דעם טרויער צוליב אײַער „ראָמאַן" מיט די משוגענאָוס און אמפיטעאטערס... ברר! איך בין זיך מודה, איך בין צופרידן, וואָס ביי זיי „פּלאַצט".

נאָר דאָס, וואָס איר האָט נישט פון וואַנען צו לעבן און ווי זיך צו דרוקן, דאָס איז שלעכט. עך, איר וואָלט שוין פון לאַנג באַדאַרפט דורכטרייבן די פּיאַטניצקי־פּיאַוועקע און אַוועקשטעלן אָן אָרנטלעכן אָנגעשטעלטן, א פּשוטן אָנגעשטעלטן ביי דער „זנאַניע" (מעגלעך אז דאָס איז שוין שפּעט, איך ווייס נישט)!!! ווען עס וואָלט, ווען עס זאָלט וואָלט דער דנאָ געווען פון גאָלד...

ראַזשקאָוו „אירקוטסקאַיע סלאָוואָ" זע איך זייער זעלטן. דער מענטש איז געוואָרן א ליקווידאַטאָר. אין טשודשאַק איז אָן אויסגעקלונגענער, פּאַטענטירטער טפּש מיט פּרעטענזיעס.

אײַער לענין

מאַריע פּיאָדעראָווגע א דאַנק פאַר דעם בריוו קיין מאָסקווע און טויזנטער גריסן.

ב. 24 ז. 20

## א. מ. גאָרקין

### די ערשטע טעג פון יאנואר 1913

טייערער א. מ.! איך באַגריס אייך מיטן נייעם יאָר און ווינטש אייך אלדאָס, אלדאָס בעסטעס, און מער פון אלץ געזונט! ביי אונדז זיינען איצט פאַראַן מאַלינאָווסקי, פּעטראָווסקי און באַדאַיעוו. נעכטן האָב איך באַקומען אייער בריוו, איך האָב זיי אים געלייענט, אלע זיינען געווען אויסערגעוויינלעך צופרידן. מאַלינאָווסקי האָט געוואָלט פאָרן צו אייך, נאָר עס שטערט, פאַרשטענדלעך, די ווייטקייט. עך, ווען איר וואָלט געקאָנט זיין אַביסל נענטער... ווען דאָס געזונט זאָל דערלויבן זיך אי־בערצוקלייבן אין די היגע גאַליצישע קוראָרטן, ווי למשל, זאַקאָפּאַנע, אויסזוכן א געזונט אָרט אין די בערג, אויף צוויי טעג נענטער צו רוס־לאַנד. דאָס קומען פון די אַרבעטער קאָן מען מאַכן עפּטער, א שול וואָלטן די אַרבעטער אויפסניי איינגעאָרדנט, דער איבערגאַנג דורך דער גרענעץ איז נישט שווער, דער פּרייז פון אַדורכפאָרן איז 12 רובל פון פּיטער, פאַרבינדונגען מיט די אַרבעטער פון מאָסקווע, פון דרום זיינען אויך מעגלעך!... איך האָב זיך צעפּאַנטאַזירט אין צוזאַמענהאַנג מיט דער רייזע פון מ. פ. ...אָט זי האָט וווּנדערלעך צוגעקלערט, ממש, וווּנדערלעך. שרייבט אָן ביי א געלעגנהייט, צי עס האָט זיך איר איינגעגעבן זיך צו לעגאַליזירן. (עס וועט זיך אויף זיכער איינגעבן). שרייבט אויך ווי מאַ־לינאָווסקי זאָל זי געפינען אין פּיטער אָדער אין מאָסקווע. דורך טי־כאָנאָוון? אויב מען זאָל נישט געפינען קיין געלט אויף צו פאַרברייטערן און פאַרפעסטיקן די „פּראַוודא" — וועט זי אונטערגיין. דער דעפיציט מאַכט איצט אויס 50—60 רובל א טאָג. מע דאַרף אַלזאָ פאַרגרעסערן דעם טיראַזש, פאַרביליקערן די אויסגאַבן, אויסברייטערן די צייטונג. 200 נומערן האָבן אויסגעהאַלטן — דאָס איז א רעקאָרד. מיר באַווירקן דאָך 20—30 טויזנט אַרבעטער־לייענער סיסטעמאַטיש אין מאַרקסיס־טישן גייסט, דאָס איז א קאָלאָסאַלע זאַך, עס וואָלט געווען שוידערלעך א שאָד, אויב זי וועט אונטערגיין. מיר באַטראַכטן דעם ענין מיט די דעפּוטאַטן פון אַלע זייטן און אויף אַלערליי אופנים ווי אַזוי זיך אַרויסצו־באַקומען פון דער שווערער לאַגע, און וועלכער ס'געפינט זיך די „פּראַוו־דא", נאָר מיר האָבן מורא, אַז אָן א פינאַנסיעלער הילף פון דער זייט וועט זיך דאָס נישט איינגעבן.

...די קראָקעווער באַזע האָט זיך אַרויסגעוויזן נוצלעך: עס האָט זיך פולשטענדיק "אָפּגעצאָלט" (פון שטאַנדפּונקט פון געשעפט) אונדזער איבערפאָרן קיין קראָקע. די דעפּוטאַטן שטעלן פעסט, אַז צווישן די אַר־

בעטער־מאַסן וואַקסט אומבאַדינגט די רעוואָלוציאָנערע שטימונג, אויב מע זאָל איצט גרינדען אַ גוטע פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציע, אָן די שטערונגען מצד די פּאַרעטער־ליקווידאַטאָרן, — דער טייוול ווייסט וואָס פאַר אַ זיגן מע וואָלט דאַן געקאָנט אָפּהאַלטן ביי דעם וווקס פון דער באַוועגונג פון אונטן.

דאָס וואָס איר טיילט מיט וועגן די בריוו פון רוסלאַנד, איז אויסערגעוויינלעך אינטערעסאַנט און כאַראַקטעריסטיש. די מענשעוויקעס־אַרבעטער זאָגן, אַז רוסלאַנד האָט איבערגעלעבט מאַרקסן!! און דאָס איז נישט דער איינצלנער פּאַל. די ליקווידאַטאָרן טראָגן אַריין אַזאַ דעמאָראַליזאַציע, אַזאַ פּאַרעטערישן גייסט, אַזאַ רענעגאַטישקייט, אַז ס'איז זיך שווער פאָרצושטעלן. און דאָ קומען נאָך צו טויזנטער אינטריגעס וועגן דער „פּאַריניקונג" מיט זיי: דאָס איינציקע מיטל צו פּאַרמיאוסן די גאַנצע זאַך, צו צעשטערן די בויונג פון דער פּאַרטיי, וועלכע מען האָט אָנגעהויבן מיט אַזוי פיל מי, דאָס איז נאָכאַמאָל אָנהייבן די אינטריגעס וועגן דער „פּאַריניקונג" מיט די ליקווידאַטאָרן. נו, מיר וועלן נאָך אַ קעמף טאָן...

אייער פרייד צוליב דעם צוריקקער פון די ווּפּעריאָדאָווצעס בין איך גרייט צו טיילן פון גאַנצן האַרץ, אויב... אויב עס איז ריכטיק אייער הנחה, אַז דער „מאַכיזם, די גאָטבויונג און די דאָזיקע אַלע מעשׂות זייַנען פאַרשוווּנדן געוואָרן אויף שטענדיק", ווי איר שרייבט. אויב דאָס איז אַזוי, אויב דאָס האָבן די ווּפּעריאָדאָווצעס פאַרשטאַנען, אָדער זיי וועלן עס פאַרשטיין איצט, דאַן פאַריייניק איך זיך היים צו אייער פרייד צוליב זייער צוריקקער. אָבער איך שטרייך אונטער „אויב", ווייל דאָס איז נאָך דערווייל מער אַ ווונטש, איידער אַ פאַקט. איר געדענקט אונדזער לעצטע זעאונג מיט באָגדאַנאָוון, באַזאַראָוון און לונאַטשאַרסקין אויף קאַפּרי אין פרילינג פון יאָר 1908? איר געדענקט, איך האָב געזאָגט, אַז עס וועט אויסקומען זיך פונאַנדערצוגיין אויף אַ יאָר 2—3, און דערמלט האָט מ. פ., וועלכע איז געווען די פּאָרזיצערין, געוואַלטיק פּראָטעסטירט, רופנדיק מיך צו אָרדנונג און ד. ג.!

האָט זיך אַרויסגעוויזן — 4 און אַ האַלב, כמעט פינף יאָר. און דאָס איז נאָך נישט קיין סך פאַר אַזאַ פּעריאָד פון טיפער צעפאַלונג, ווי ס'זייַנען געווען די יאָרן 1908—1911. איך ווייס נישט, צי באָגדאַנאָוו, באַזאַראָוו, וואָלסקי (אַ האַלבער אַנאַרכיסט), לונאַטשאַרסקי, אַלעקסינסקי זייַנען פעיק זיך אויסצולערנען פון דער שווערער דערפאַרונג פון די יאָרן 1908—1911? צי האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז דער מאַרקסיזם

איז אַ מער ערנסטע און טיפערע זאַך, אוידער ס'האָט זיך זיי אויסגעהובט, אַז מע קאָן נישט חוזק מאַכן פון אים, ווי דאָס האָט געטאָן אַלעקסינסקי, אָדער טראַקטירן אים ווי אַ טויטע זאַך, ווי דאָס האָבן געטאָן די איבעריקע? אויב זיי האָבן דאָס פאַרשטאַנען, שיק איך זיי איבער טויזנטער באַגריסונגען און אַלדאָס פערזענלעכע (וואָס איז אומפאַרמיידלעך אַריינגעטראָגן געוואָרן דורך דעם פאַרביסענעם קאַמף) וועט אין איין מינוט פאַרשווינדן. נאָר אויב זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען, נישט אויסגעלערנט זיך, דאַן פאָדערט נישט: חברשאַפט איז חברשאַפט, און פליכט איז פליכט. פאַר די פרוון צו פאַרשוועכן דעם מאַרקסיזם, אָדער צו פאַרפּלאָנטערן די פּאָליטיק פון דער אַרבעטער־פּאַרטיי וועלן מיר קעמפן, נישט שאַנעווענדיק דאָס לעבן.

איך בין זייער צופרידן, וואָס עס האָט זיך געפונען אַ וועג פאַר אַ בהדרגהדיקן צוריקקער פון די וופּעריאָדאָווצעס גראָד דורך דער „פּראַווּדאַ", וועלכע האָט זיי דירעקט נישט געשלאָגן. איך בין זייער צופרידן. נאָר טאַקע אין די אינטערעסן פון אַ סאָלידער דערנענטערונג דאַרף מען איצט גיין צו איר פּאַמעלעך, פּאָרזיכטיק. אַזוי האָב איך אויך געשריבן אין דער „פּראַווּדאַ". אין דער ריכטונג דאַרפן ווענדן זייערע אָנשטרענגונגען אויך די פריינד פון דער ווידערפאַרייניקונג פון די וופּעריאָדאָווצעס מיט אונדז: דער פּאָרזיכטיקער, דורך דער דערפאַרונג קאָנטראָלירטער צוריקקער פון די וופּעריאָדאָווצעס פון מאַכיזם, אָטזאָוויזם, גאָטבויונג קאָן געבן אויסערגעוויינלעך אַ סך. די קלענסטע אומפּאָרזיכטיקייט, און אַ „רעצידיוו פון דער מאַכיסטישער, אָטזאָווויסטישער און אַנדערע קרענק" — און דער קאַמף וועט אויפפלאַקערן נאָך פאַרביטערטער... איך האָב נישט געלייענט די נייע „פילאָזאָפיע פון לעבעדיקער דערפאַרונג" פון באָגדאַנאָוו: זיכער, דער זעלבער מאַכיזם אין אַ נייעם לבוש...

מיט סערגיי מאָיסעיעוון אין פּאַריז זיינען מיר אין נוטער פאַרבינדונג, מיר קענען אים שוין פונלאַנג און מיר אַרבעטן צוזאַמען. דאָס איז אַ פּאַרטייער און אַן אמתער באָלשעוויק. מיט אַזעלכע מענטשן בויען מיר די פּאַרטיי, נאָר זיי זיינען געוואָרן אומגעהייער ווייניק.

איך דריק נאָכאַמאָל די האַנט, מע דאַרף דאָך אַמאָל ענדיקן דעם בריוו, און איך האָב אים פאַרצויגן אויף אַן אומשטענדיקן אופן. זייט זשע געזונט.

איער לענין.

נ. ק. שיקט אַ הייסן גרוס!

ביי אונדז זיינען זיך צונויפגעפאָרן נאָך עטלעכע גוטע ארבעטער פון רוסלאנד. מיר גרייטן צו א בעראטונג. אָך, קיין געלט איז נישטאָ, ווען נישט דאָס, וואָלטן מיר אויף דער היגער באַזע דער טייוול ווייסט וויפל אויפגעטאָן!).

אין דער „פראַוודא" שרייב איך היינט, אז זיי זאָלן, פרענגנדיק פריי־ער ביי טיכאָנאָוון, אָפּדרוקן, אז טיכאָנאָוו און איר פירן אָן מיט דער בעלעטריסטישער אָפּטיילונג פון דער „פראַוודא". נישט ריכטיק? שרייבט זיי אָן, אויב זיי וועלן נישט אָפּדרוקן.

.220—222 .ז .16 .ב

## א. מ. גאָרקין

די צווייטע העלפט פון פעברואר 1913

טייערער א. מ.

וואָס עפּעס, טאַטעלע, פירט איר זיך אויף שלעכט? אָנגעארבעט זיך, אָנגעמאַטערט, די נערוון טוען וויי. דאָס איז א פולשטענדיקע אומ־אָרדענונג. אויף קאַפּרי, און נאָך ווינטער, ווען דער „אָנגעפּאַר" איז, וואַר־שיינלעך, קלענער, וואָלט מען באַדאַרפט פירן א נאָרמאַל לעבן. צי האָט איר זיך אַזוי צעלאָזט, זייענדיק אָן אן אויפזיכט? אויף מיין וואָרט, נישט גוט. נעמט אייך אין די הענט אריין און שטעלט איין א שטרענגן רע־זשים *, באמת! קראַנקן אין דער היינטיקער צייט איז א פולשטענדיק נישט דערלאָזבארע זאַך. צי האָט איר אָנגעהויבן ארבעטן אין די נעכט? און ווען איך בין געווען אויף קאַפּרי, האָט איר געזאָגט, אז נאָר איך האָב אריינגעפירט אַן אומאָרדענונג, און ביז מיר זענט איר געגאַנגען שלאָפן צו דער צייט. מע דאַרף אָפּרוען און איינפירן א רעזשים, אומבא־דינגט.

טראָיאַנאָווסקין און זיין פרוי וועל איך אָנשרייבן וועגן אייער וווּנטש זיך צו זען. אויף דער ארבעט האָבן מיר זיי נאָך ווייניק גע־זען; נאָר אלץ, וואָס מיר ווייסן ביז איצט רעדט פאַר זיי. זיי האָבן אויך מיטלען, זיי וואָלטן געקאָנט אנטוויקלען די ארבעט און פיל אויפטאָן פארן זשורנאַל. טראָיאַנאָווסקי פאָרט איינגיכן קיין רוסלאַנד.

מיך און אונדז אלע האָט אויסערגעוויינלעך דערפרייט, וואָס איר נעמט זיך פאַר דער „פראָסוויעשטשעניע". און איך — כ'בין זיך מודה

---

*) לענין מאַכט דאָ א שפּיל פון ווערטער. אָנשטאָט רעזשים „פריזשים" פון רוסישן „פריזשימאַט" — צודריקן — רעד.

— האָב געהאַט געקלערט: ווי נאָר איך וועל אָנשרייבן וועגן דעם קליינעם זשורנאַל אָדער זשורנאַלעכל אונדזערן, אַזוי וועט ביי א. מ. דער חשק פאַרשווינדן. איך באַדויער, איך באַדויער די דאָזיקע געדאַנקען.

עס וועט ווירקלעך זיין אויסגעצייכנט, אויב מיר וועלן צוביסלעך דערנענטערן די בעלעטריסטן און א ריר טאָן פאָרויס די „פּראָסוויעשטשעניע"! אויסגעצייכנט! א נייער לייענער, א פּראָלעטאַרישער, — דעם זשורנאַל וועלן מיר מאַכן ביליק, — בעלעטריסטיק וועט איר געבן בלויז דעמאָקראַטישע אָן קלאָגעריי, אָן רענעגאַטישקייט. די אַרבעטער וועלן מיר שטאַרקן. און אַרבעטער קומען איצט צו גוטע. ביי אונדז איז איצט פאַראַן א זעקסטל אין דער דומע פון קוריאַלע דעפּוטאַטן, האָבן זיי זיך א ריר געטאָן אין דער אַרבעט אויסער דער דומע, אַז ס'איז א מחיה! אָט ווו די מענטשן וועלן פאַרפעסטיקן אַן אַרבעטער־פּאַרטיי, אַן עכטע! אין דער דריטער דומע האָט מען זיך דאָס קיינמאָל נישט געקאָנט דערשלאָגן. איר האָט געזען אין „לוטש" (נר. 24) די בריוו פון די פיר דעפּוטאַטן וועגן זייער אַוועקגאַנג? א גוטער בריוו, א?

און אין „פּראַוודאַ" האָט איר געזען? אַלעקסינסקי שרייבט גוט און מאַכט דערווייל נישט קיין סקאַנדאַלן! וווּנדערלעך! ער האָט געשיקט איין „מאַניפעסט" (פאַרוואָס ער איז אַריין אין דער „פּראַוודאַ"). האָט מען אים נישט אָפּגעדרוקט. און דאָך מאַכט ער דערווייל נישט קיין סקאַנדאַלן. וווּנדער־לעך! און באָגדאַנאָוו מאַכט יאָ סקאַנדאַלן: אין דער „פּראַוודאַ" נר. 24 איז דאָ זיינס אַן אַרכי־שטות. ניין, מיט אים וועט מען שוין קיין קאַשע נישט אָפּקאָכן! איך האָב איבערגעלייענט זיין „אינזשעניער מעני". דער זעלבער מאַכיזם־אידעאַליזם, אַזוי פאַרבאָרגן, אַז נישט קיין אַרבעטער, נישט די נאַרישע רעדאַקטאָרן אין דער „פּראַוודאַ" האָבן נישט פאַרשטאַנען. ניין, דער דאָזיקער מאַכיסט איז האָפענונגסלאָז, פּונקט ווי לונאַטשאַרסקי (פאַר זיין אַרטיקל א דאַנק). ווען מען זאָל לונאַטשאַרסקין פּונקט אַזוי אָפּטיילן פון באָגדאַנאָוו אין דער עסטעטיק, ווי אַלעקסינסקי האָט זיך אָנגעהויבן אָפּטיילן פון אים אין דער פּאָליטיק... ווען...

וואָס איז שייך דער לערע וועגן דער מאַטעריע און איר געבוי, בין איך פולשטענדיק מיט אייך מסכים, אַז מען דאַרף וועגן דעם שרייבן און אַז דאָס איז א גוט מיטל קעגן דעם „גיפט, וואָס זייגט די רוסישע פאָרמלאָזע נשמה". נאָר אומזיסט רופט איר דעם גיפט „מעטאַפיזיק". אים דאַרף מען רופן „אידעאַליזם" און „אַגנאָסטיציזם".

וואָרום די מאכיסטן רופן דאָך דעם מאטעריאליזם מעטאפיזיק! און גראָד שמוגלט דורך א גאנצע גרופע אָנגעזעענע הייַנטצייטיקע פיזיקער, ביי הער גטעלעגנהייט פון די „וואונדער“ פון ראַד, עלעקטראָנען און ד. גל. א געטשל, — סיי דאָס סאַמע מגושמדיקסטע, סיי דאָס סאַמע איידלסטע, אין דער פאָרם פון פילאָזאָפישן אידעאַליזם.

וואָס שייך דעם נאציאנאליזם, בין איך מיט אייך פולשטענדיק מסכים, אז מע דאַרף זיך דערמיט ערנסטער פארנעמען. ביי אונדז האָט זיך אוועקגעזעצט איינער א וווּנדערלעכער גרוזין* און שרייבט פאַר דער „פּראָסוועשטשעניע“ א גרויס אַרטיקל, צונויפזאמלענדיק אַלע עס־טרייכישע און אַנדערע מאַטעריאַלן. מיר וועלן דערויף אָנדריקן. נאָר אז אונדזערע רעזאָלוציעס (איך שיק זיי אין דרוק) זיינען „קאַפּירונג און קאַנצעליארטשינע“, דאָס, דערלויבט, איז שוין אומזיסט זיך געזידלט. ניין, דאָס איז נישט קיין קאָפּירונג. ביי אונדז און אויף קאַווקאַז האָבן די ס. ד. גרוזינער, אַרמענער, טאַטאַרן, רוסישע געאַרבעט צוזאַמען, אין איין ס. ד. אָרגאַניזאַציע מער פון צען יאָר. דאָס איז נישט קיין פראַזע, נאָר א פּראָלעטאַרישע ליזונג פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע. די איינציקע ליזונג. אַזוי איז אויך געווען אין ריגע: די רוסישע, לעטן, ליטווינער; אָפּגעטיילט האָבן זיך בלויז די סעפּעראַטיסטן — דער בונד. דעסגלייכן אין ווילנע.

עס זיינען פאַראַן צוויי גוטע ס. ד. בראָשורן איבער דער נאַציאָ־נאַלער פראַגע: שטראַסערס און פּאַנעקוקס. צי ווילט איר איך זאָל זיי אייך צושיקן? אויב עס וועט זיך ביי אייך געפינען עמעצער, וואָס זאָל זיי איבערזעצן פון דייטש?

ניין, די דאָזיקע געמיינקייט, וואָס אין עסטרייך וועט ביי אונדז נישט זיין. מיר וועלן נישט דערלאָזן! נו, און אונדזערע לייט, די גרויסרוסן, זיינען דאָ די מערהייט. מיט אַרבעטער וועלן מיר נישט דערלאָזן דעם „עסטרייכישן גייסט“. וואָס איז שייך פּיאַטניצקין, בין איך פאַר א גע־ריכט. ס'איז נישטאָ וואָס זיך צו צערעמאָניען. אַרויסווייזן סענטימענ־טאַליטעט וואָלט געווען דאָ אומפּאַרצייַלעך. די סאָציאַליסטן זיינען לגמרי נישט קעגן דעם אויסנוצן דאָס קרוין־געריכט. מיר זיינען פאַר אויסנוצן די לעגאַליטעט. מאַרקס און בעבעל האָבן זיך געווענדט צום קרוין־געריכט אפילו קעגן זייערע סאָציאַליסטישע קעגנער. מע דאַרף וויסן, ווי דאָס צו טאָן, אָבער טאָן דאַרף מען.

---

*) י. וו. סטאַלין. — רעד.

פיאטניצקין דארף מען פארמשפטן אָן שום וואקלעניש. אויב איר וועט קריגן צוליב דעם פאָרוואורפן — שפייט אָן די, וואָס מאכן אייך די פאָרוואורפן, אין פּרצוף. פאָרוואורפן וועלן בלויז צבועקעס. אפּטרעטן פיאט־ניצקין, דורכלאָזן עס אים, מורא האָבנדיק פאַרן געריכט, וואָלט געווען אומפאַרציילעך.

נו, איך האָב זיך פאַרפּלוידערט איבער דער מאָס. שרייבט, ווי איז אייער געזונט.

אייער לענין.

פּ. ס. מיר קענען פאָמע־פּיטערער, ער איז איצט אין נאַרים. פאַר מע אוראַלער? דערמאָנען מיר זיך עפּעס נישט. אויפן צוזאַמענפאָר פון יאָר 1907 איז געווען פאָמע־פּיטערער.

## א. מ. גאָרקין

צווישן 8־טן און 10־טן מערץ 1913 קראָקע

טייערער א. מ.!

איך האָב איבערגעלייענט הײַנט דעם „מאַניפעסט“...

דאַכט זיך, א פולשטענדיקע ליטעראַרישע אַמנעסטיע. איר דאַרפט פּרוּוון זיך אומקערן — דערווײַסנדיק זיך, פאַרשטענדלעך, צוערשט, צי וועלן זיי אייך נישט אונטערשטעלן קיין פוס פאַר דער „שולי“ און ד. ג. וואַרשײַנלעך, וועלן זיי דערפאַר אייך נישט קאָנען צוציען.

איך האָף, אַז איר האַלט נישט אַזוי, אַז מע טאָר נישט „אָננעמען“ קיין אַמנעסטיע. דאָס וואָלט געווען נישט קיין ריכטיקער צוגאַנג: א רעוואָלוציאָנער אין הײַנטיקע צײַטן וועט מער אויפטאָן אין רוסלאַנד גופא, און אונדזערע דעפּוטאַטן שרײַבן אפילו אונטער א „פייערלעכן צוזאָג“.

בײַ אייך האַנדלט זיך עס נישט אין קיין אונטערשריפט, נאָר וועגן אויסנוצן די אַמנעסטיע. שרײַבט אָן אייער מיינונג און פּלענער. אפשר וועט איר זיך אָראָפּכאַפּן אַהער, אויב איר וועט זיך א ריר טאָן — דאָס איז דאָך אויפן וועג!

און פאַר א רעוואָלוציאָנערן שרײַבער האָבן די מעגלעכקייט צו וואַנ־דערן איבער רוסלאַנד (דעם נײַעם רוסלאַנד) באַדײַט: האָבן די מעגלעכ־קייט הונדערט מאָל מער א קלאַפּ טאָן דערנאָך די ראָמאַנאָווס עט קאָמפּ.

צי האָט איר באַקומען מיין פריערדיקן בריוו? עפּעס לאַנג האָב איך קיין ידיעות נישט. צי זענט איר געזונט?

אייער לענין

פּ. ס. צי האָט איר באַקומען אַ בריוו פון נ. ק.* מיט מאַטעריאַלן?

ב. 29 ז. 33

## א. מ. גאָרקין

### אויפן אינדזל קאַפּרי

אָנהייב מאַי 1913. פּאָראָנין.

טייערער א. מ.!

וואָס איז מכוח אַן אַרטיקל אָדער אַ דערציילונג פאַר דעם מאַי־ביכל פון „פּראָסוועשטשעניע? מע שרייבט מיר פון דאָרט, אַז מע וואָלט געקאָנט אַרויסגעבן אַ 10—15 טויזנט (אַט ווי אַזוי מיר שפּאַנען!), אויב עס וואָלט געווען עפּעס פון אייך. שרייבט, צי עס וועט זיין. און דערנאָך דרוקט איבער די „פּראַווּדאַ" און עס באַקומט זיך 40 טויזנט לייענער. יאָ... די געשעפטן פון „פּראָסוועשטשעניע" וואָלטן געקאָנט גיין גוט, אַזוי איז נישטאָ, צום טייוול, קיין איין אויסגעהאַלטענער זשורנאַל פאַר די אַרבעטער, פאַר די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, פאַר דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע, אַלע אַזעלכע זויערע, עקלהאַפטע.

ווי איז אייער געזונט? צי האָט איר אָפּגערוט און צי וועט איר אָפּרוען דעם זומער? ערן־וואָרט, אייך איז נייטיק לייטיש זיך אויסצורוען!

ביי מיר זיינען צרות, די פרוי איז קראַנק געוואָרן אויף דער באַזעדאָווער קרענק. נערוון! ביי מיר האָבן זיך די נערוון אויך אַ קליין ביסל צעלאָזט. מיר זיינען אַוועקגעפאָרן אויף זומער אין דאָרף פּאָראָנין, לעבן זאַקאָפּאַנע. (מיין אַדרעס: הערן וול. אוליאַנאָוו, פּאָראָנין, גאַליציע. עסטרייך).

די געגנט איז אַ גוטע. אַ געזונטע. די הייך אַרום 700 מעטער. נו וואָס, אפשר וועט איר זיך אַריבערכאַפּן? עס וועלן זיין אינטערעסאַנטע אַרבעטער פון רוסלאַנד. זאַקאָפּאַנע (7 ווערסט פון אונדז) — איז אַ באַוווּסטער קלימאַטישער קוראָרט.

---

*) נ. ק. קרופּסקאַיאַ. — רעד.

צי האָט איר געזען די „משלים" פון דעמיאַן ביעדני? אויב איר האָט זיי נישט געזען, וועל איך זיי אייך צושיקן. און אויב איר האָט געזען, שרייבט, ווי איז אייער מיינונג.

צי באַקומט איר רעגולער די „פּראַוודאַ" און דעם „לוטש"? אונדזער זאַך גייט פאָרויס — נישט געקוקט אויף אַלץ — און אין אַרבעטער־פּאַרטיי בויט זיך, א רעוואָלוציאָנערע, א סאָציאַל־דעמאָקראַטישע, קעגן די ליבעראַלע רענעגאַטן, ליקווידאַטאָרן. עס וועט זיין אויף אונדזער גאַס א יום־טוב. מיר טריאומפירן איצט צוליב דעם זיג פון די אַרבעטער אין פּיטער איבער די ליקווידאַטאָרן ביי די וואַלן צו דער אָנפירונג פון נייעם פאַריין פון די מעטאַליסטן.

און „אייער" לונאַטשאַרסקי, איז גוט!! אַך, ווי גוט! ביי מעטערלינקן איז לויט אים נאָך א „וויסנשאַפטלעכער מיסטיציזם"... אָדער אפשר זייַנען שוין לונאַטשאַרסקי מיט באָגדאַנאָוון נישט אייערע?

אָן שפּאַס. זייט געזונט. שרייבט א פּאָר ווערטער, רוט זיך בעסער אויס.

אייער לענין

אוליאַנאָוו. עסטרייך, פּאָראָנין (גאַליציע)

פּ. ס. ווי געפעלט אייך דער יובילייענומער פון דער „פּראַוודאַ"?

ב. 29 ז. 36—35.

# אָפּרופן פון וו. א. לענין
# וועגן אײנצלנע ליטעראַרישע ווערק

## „ער איז נישט אויפגעשטאַנען תחית־המתים“
## פון גליעב אוספּענסקין

### „די מלחמה פאַר „חזיר־פלײש“ (אוספּענסקי)*)

...נאָך דער דאָזיקער מלחמה האָלט איך בלויז זײ (די אויסלענדישע רעוואָלוציאָנערן) פאַרווירקלעכע העלדן... שוין אין דעם שטעקט אָן אױסערגעוויינלעכער העלדנטאַט, וואָס זײ שטייען נישט צו צו דער דאָזיקער חזיריי, ווי איך בין צוגעשטאַנען... איר קאָנט זיך פאָרשטעלן, איך האָב דאָך אַ מענטשן דערהרגעט... זאָגט, איך בעט אײך, פאַרוואָס?...

דערהרגעט? וועמען?

נו, איז וואָס? איר זענט דאָך געווען אַ פּריקוויליקער, אַ מיליטער־מאַן, און אויף דער מלחמה דערהרגעט מען דאָך...

פאַרוואָס?

איך בין זיך משער, אַז איר האָט אים פאַר סערביע דערהרגעט.

דאָלבעזשניקאָוו האָט געקוקט אויף מיר מיט אויפגעריסענע אויגן און געשוויגן.

פאַר סערביע? האָט ער איבערגעפרעגט.

איך מיין, אַז יאָ!

ניין, נישט פאַר סערביע.

נישט פאַר סערביע? פאַרוואָס־זשע?

*) דער טעקסט און די קיילעכיקע קלאַמערן געהער צו ג. קרופּסקאַיאַ—רעד.

פאַר חזיר־פּלייש!
וואָס הייסט עס?
יאָ, פאַר חזיר־פלייש.

איך האָב געזאָגט, אַז איך פאַרשטיי אים נישט, און דאָלבעזשניקאָוו האָט אָנגעהויבן אויף דעם סאַמע פּינקטלעכסטן אופן אויפקלערן זיין קוק אויף דער סערבישער מלחמה. די סערבישע סוחרים האָבן איינגעפונען פאַר נייטיק צו באַפרייען זיך פון די האַנדלס־אָפּמאַכן, וועלכע טערקיי האָט ביז איצט געשלאָסן מיט די שכנותדיקע מלוכות, ווי די אָפּיעקונקע פון סערביע; די אָפּמאַכן זיינען ביז איצט געווען אַזעלכע, אַז די סערבישע קאַפּיטאַליסטן האָבן קיין מעגלעכקייט נישט געהאַט צו לאָזן אין פּאַרקער זייערע קאַפּיטאַלן. זיי האָבן נישט געטאָרט האָבן קיין פאַבריקן, זאַוואָדן, זיי האָבן נישט געטאָרט אויסאַרבעטן קיין לעדער... ס'איז דערלויבט געווען צו האַנדלען מיט רוי־שטאָף, וועלכער האָט זיך צוריקגעקערט קיין סערביע, ווי אַ באַאַרבעטער פּראָדוקט און געקאָסט דריי מאָל טייערער. איז אָט איצט, האָט געזאָגט דאָלבעזשניקאָוו, ווילן די סוחרים מיט געווער זיך דעראָבערן די רעכט צו באַקומען מער פאַרדינסט, ד. ה. פאַרקויפן דעם חזיר, וועלכן מע האָט ביז איצט פאַרקויפט בלויז אין רויען צושטאַנד און פאַרקויפט זייער ביליק, פאַרקויפן אין געריכערטן צושטאַנד און באַקומען טייערער. מיט געווער ווילן זיי זיך דערשלאָגן דאָס דאָזיקע רעכט, דערפאַר וואָס ביי פרידלעכע אונטערהאַנדלונגען זיינען נייטיק הנחות פון דעם מין, ווי געבן די אויסלענדער דאָס רעכט זיך צו דערווערבן ערד־אייגנטום, וואָס עס וועט גלייך געבן די מעגלעכקייט, אַז קיין סערביע זאָלן אַ שטראָם טאָן אויסלענדישע קאַפּיטאַלן, און די אָרטיקע קאַפּיטאַליסטן וועלן, — פאַרשטענדלעך, נישט קאָנען זיך האַלטן.

ווען ער האָט, ענדלעך, פאַרענדיקט זיין גענוג לאַנגע דערקלערונג וועגן זיין קוק אויף דער מלחמה, האָט ער געפרעגט:

הייסט עס צוליב חזיר־פלייש?

ס'איז ווירקלעך אַרויסגעקומען, ווי צוליב חזיר־פלייש זאָל האָבן פאָרגעקומען די גאַנצע זאַך...

באַמערקונגען און אויסצוגן אין די ערשטע חדשים פון דער אימפּעריאַליסטישער מלחמה, סעפּטעמבער—נאָוועמבער 1914. לענין־זאַמלונג 14, ז' 38.

# אַ טאַלענטירט ביכל

דאָס איז דאָס ביכל פון דעם כמעט ביז משוגעת צערייצטן ווייס־גוואַרדייער אַרקאַדי אווערטשענקאָ: „אַ טוץ מעסערס אין דער פּלייצע פון דער רעוואָלוציע". פּאַריז 1921. ס'איז אינטערעסאַנט צו באַאָבאַכטן, ווי די שנאה, דערגייענדיק ביז דער שטופּע פון זידן, האָט אַרויסגערופן סיי אויסגעצייכנט שטאַרקע, סיי אויסגעצייכנט שוואַכע ערטער אין דעם דאָזיקן הויך־טאַלענטירטן ביכל. ווען דער אויטאָר ווידמעט זיינע דער־ציילונגען אַ טעמע, וועלכע איז אים נישט באַקאַנט, קומט עס אַרויס נישט קינסטלעריש.

...אָבער דער גרעסטער טייל פון ביכל איז געווידמעט טעמעס, וועל־כע אַרקאַדי אווערטשענקאָ קען אויסגעצייכנט, ער האָט זיי דורכגעלעבט, דורכגעטראַכט, דורכגעפילט. און מיט אַ וווּנדערלעכן טאַלאַנט זיינען גע־שילדערט די איינדרוקן און שטימונגען פון דעם פאַרשטייער פון דעם אַלטן, פריצישן און פאַבריקאַנטישן, רייכן, אָנגעפרעסענעם און פרעסע־רישן רוסלאַנד. אַזוי, געמלעך, אַזוי דאַרפן זיך פאָרשטעלן די פאַרשטייער פון די הערשנדיקע קלאַסן די רעוואָלוציע. די פלאַם־פלאַקערנדיקע שנאה איז גורם, אַז אווערטשענקאָס דערציילונגען זיינען אַמאָל — און מערסטנ־טייל — דערשטוינענדיק אויסדריקלעכע. עס זיינען פּשוט פאַראַן אויס־געצייכנטע זאַכן, ווי, למשל, די דערציילונג: „דאָס גראָז, וואָס איז צע־טרעטן דורך שטיוול", וועגן דער פּסיכאָלאָגיע פון קינדער, וועלכע האָבן איבערגעלעבט און לעבן איבער דעם בירגער־קריג.

דאָך צום ריכטיקן פּאַטאָס דערהייבט זיך דער אויטאָר ערשט דעמלט, ווען ער רעדט וועגן עסן. ווי האָבן עס געגעסן די רייכע מענטשן אין אַמאָליקן רוסלאַנד, ווי האָבן זיי עס צוגעביסן אין פּעטראָגראַד — ניין, נישט אין פּעטראָגראַד, נאָר אין פּעטערסבורג — פאַר 14 און אַ האַלבן רובל און פאַר 50 רובל און אַ. וו. דער אויטאָר באַשרייבט דאָס פּשוט מיט תּאווה: אָט דאָס קען ער, אָט דאָס האָט ער איבערגעלעבט און דורכ־געפילט, דאָ וועט ער שוין קיין פעלערן נישט מאַכן. אַזוי קענען דעם ענין און אַזאַ אויפריכטיקייט — איז אַ זעלטענע דערשיינונג.

אין דער לעצטער דערציילונג: „שפּליטערס פון אַ צעקלאַפּטן אויף־ברעקלעך" זיינען געשילדערט אַ געוועזענער סענאַטאָר אין קרים, אין סעוואַסטאָפּאָל, „ער איז געווען רייך, ברייטהאַרציק, געהאַט פאַרבינדונ־גען" — איצט אַרבעט ער אויפן טאָג אין אַן אַרטילערישן מאַגאַזין ביים אויסלאָדן און סאָרטירן סנאַריאַדן", און אַ געוועזענער דירעקטאָר פון אַ

„ריזיקן מעטאלורגישן זאוואָד, וועלכער איז אָנגעגאַנגען ווי דער ערשטער אין וויבאָרגסקער קאַנט. איצט איז ער אַן אָנגעשטעלטער אין אַ קאָמיסיאָן־מאגאזין, און אין דער לעצטער צייט האָט ער אפילו דערוואָרבן אַ געוויסע דערפאַרונג אין דער אָפּשאַצונג פון אָפּגעטראָגענע דאַמען־שלאַפראָקן און פּליושענע קינדערישע בערן, וועלכע מע ברענגט אויף קאָמיסיע".

ביידע אלטיטשקע דערמאָנען די אַמאָליקע צייטן, די פּעטערבורגער זון־אונטערגאַנגען, די נאַסן, טעאַטערס, די מאכלים, פאַרשטייט זיך, אין „בער", אין „ווין" אין „קליינעם יאַראָסלאַוויעץ" און אַ. וו. און די זכרונות ווערן אַלע מאָל איבערגעריסן מיט אויסרופן: „וואָס האָבן מיר זיי געטאָן? ווען האָבן מיר געשטערט?"... „מיט וואָס האָט זיי דאָס אַלץ געשטערט?"... „פאַרוואָס האָבן זיי רוסלאַנד אַזוי?"...

אַרקאַדי אַווערטשענקאָ וועט שוין נישט פאַרשטיין, פאַרוואָס. די אַרבעטער און פּויערים פאַרשטייען, זעט אויס, אָן שום מי און זיי נייטיקן זיך נישט אין קיין אויפקלערונגען.

אייניקע דערציילונגען פאַרדינען, לויט מיר נאָך, איבערגעדרוקט צו ווערן. טאַלענט דאַרף מען הערמעטיקן.

* „אַ טאַלענטירט ביכל" — 1921 ב. 27, זייט 92—93.

# פון די זכרונות וועגן לענינען

נ. ק. קרופסקאַיאַ

## זכרונות וועגן לענינען

### וואָס איז געפעלן איליטשן פון דער קינסטלערישער ליטעראַטור

דער חבר, וואָס האָט מיך באַקענט צום ערשטן מאָל מיט וולאַדימיר איליטש, האָט מיר געזאָגט, אַז איליטש איז אַ מענטש אַ געלערנטער, ער לייענט אויסשליסלעך וויסנשאַפטלעכע ביכער, ער האָט אין זיין לעבן נישט איבערגעלייענט קיין איין ראָמאַן, האָט קיינמאָל נישט געלייענט קיין לידער, איך האָב זיך פאַרוואונדערט. איך אַליין האָב אין דער יוגנט איבערגעלייענט אַלע קלאַסיקער, געקענט אויף אויסנווייניק שיר נישט גאַנץ לערמאָנטאָוו און ד. גל. אַזעלכע שרייבער ווי טשערנישעווסקי, ל. טאָלסטאָי, אוספּענסקי, האָבן פאַרנומען אַ באַדייטנדיק אָרט אין מיין לעבן. ס'האָט מיר אויסגעזען אויסטערליש, וואָס אָט איז פאַראַן אַ מענטש, וואָס דאָס אַלץ אינטערעסירט אים אינגאַנצן נישט.

שפּעטער האָב איך נאָענט באַקענט איליטשן ביי דער אַרבעט, דערקענט זיינע אָפּשאַצונגען פון מענטשן, באַאָבאַכטעט זיין אויפמערקזאַם צוקוקן זיך צום לעבן, צו מענטשן — און דער לעבעדיקער לענין האָט אַרויסגעשטויסן דאָס בילד פון אַ מענטשן, וואָס נעמט קיינמאָל נישט אין דער האַנט אַריין קיין ביכער, וועלכע ריידן וועגן דעם, מיט וואָס די מענטשן לעבן.

נאָר דאָס לעבן האָט זיך דעמלט אַזוי צוזאַמענגעלייגט, אַז ס'איז קיין פרייע צייט נישט געווען מיר זאָלן אַ שמועס טאָן אויף דער דאָזיקער טעמע. שפּעטער שוין, אין סיביר, האָב איך זיך דערוווסט, אַז איליטש האָט נישט ווייניקער פון מיר געלייענט די קלאַסיקער, נישט

בלויז געלייענט, נאָר איבערגעלייענט נישט איינמאָל טורגעניעוון, צום ביישפּיל. איך האָב געבראַכט מיט זיך קיין סיביר פּושקינען, לערמאָנטאָוון, נעקראַסאָוון. וולאַדימיר איליטש האָט זיי אוועקגעלייגט לעבן זיין בעט, צוזאַמען מיט העגעלן, און אין די אָוונטן זיי איבערגעלייענט נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל. מער פון אַלץ האָט ער ליב געהאַט פּושקינען. אָבער נישט בלויז די פאָרם האָט ער געשעצט. ער האָט ליב געהאַט, למשל, דעם ראָמאַן פון טשערנישעווסקין „וואָס טאָן?", נישט געקוקט אויף זיין ווייניק קינסטלערישער, נאַאיווער פאָרם. איך בין געווען פאַרוווּנדערט, ווי אויפמערקזאַם ער האָט געלייענט דעם דאָזיקן ראָמאַן און ווי ער האָט אָפּגעמערקט די דינסטע שטריכן, וועלכע זיינען אין דעם ראָמאַן פאַראַן. איבעריקנס, האָט ער ליב געהאַט די גאַנצע פיזיאָנאָמיע פון טשערנישעווסקין, און אין זיין סיבירער אַלבאָם זיינען געווען צוויי פאָטאָגראַפיעס פון דעם דאָזיקן שרייבער, איינע אונטערגעשריבן מיט דער האַנט פון איליטשן דאָס יאָר פון געבוירן און פון טויט. אין אַלבאָם פון איליטשן זיינען נאָך געווען פאָטאָגראַפיעס פון עמיל זאָלא, און פון די רוסישע — פון הערצענען און פּיסאַרעוון. פּיסאַרעוון האָט וולאַדימיר איליטש זיינער צייט פיל געלייענט און ליב געהאַט. איך דערמאָן זיך, אַז אין סיביר איז אויך געווען „פאַוסט" פון געטען אויף דייטש און אַ בענדל לידער פון היינען.

צוריקקומענדיק פון סיביר, איז וולאַדימיר איליטש אין מאָסקווע געגאַנגען איינמאָל אין טעאַטער, געזען „דעם דראָזשקאַזש געגשעל", שפּעטער האָט ער געזאָגט, אַז ס'איז אים זייער געפעלן געוואָרן.

אין מינכען — פון די ביכער, וועלכע זיינען געפעלן געוואָרן איליטשן, געדענק איך דעם ראָמאַן פון גערהאַרדן „ביי דער מאַמען" און „ביטנערבויער" („דער פּויער"), פון פּאָלענצן.

שפּעטער אויף דער צווייטער עמיגראַציע אין פּאַריז, האָט איליטש גערן געלייענט די לידער פון וויקטאָר הוגאָ „Chatiments" („שטראָף"), געווידמעט דער רעוואָלוציע פון 48־טן יאָר, וועלכע זיינען אין זייער צייט געשריבן געוואָרן דורך הוגאָ אויף פאַרשיקונג און געהיים אַריינגעבראַכט געוואָרן קיין פראַנקרייך. אין די דאָזיקע לידער איז פאַראַן אַ סך נאַאיווע אָנגעבלאָזנקייט, נאָר עס פילט זיך אין זיי דער אָטעם פון דער רעוואָלוציע. גערן איז איליטש געגאַנגען אין די פאַרשידענע קאַפייען און הינטערשטאָטישע טעאַטערס צו הערן רעוואָלוציאָנערע לידער, וועלכע זיינען געזונגען געוואָרן אין די אַרבעטער־קוואַרטאַלן וועגן אַלץ, — וועגן דעם, ווי אַזוי בגילופנדיקע פּויערים קלייבן אויס אין דער־

פּוטאָטן־הויז א דורכפּאַרנדיקן אַגיטאַטאָר, וועגן דער דערציונג פון קינדער, וועגן אַרבעטלאָזיקייט און ד. ג. ספּעציעל איז אַיליטש געפעלן געווען מאָנטעגיוס. א זון פון א קאָמונאַר, איז מאָנטעגיוס געווען דער ליבלינג פון די אַרבעטער־פּאַרשטעט. אמת, אין זיינע אימפּראָוויזירטע לידער — שטענדיק מיט זייער א העלער שטיינערישער באַפאַרבונג — איז נישט געווען קיין וועלכע ס'איז באַשטימטע אידעאָלאָגיע, נאָר ס'איז געווען א סך אויפריכטיקער ברען. איליטש האָט אָפטמאָל נאָכגעזונגען זיין גרוס דעם 17־טן פּאָלק, וועלכער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו שיסן אין שטרייקער: („א גרוס, א גרוס אייך, סאָלדאַטן פון 17־טן”). איינמאָל אויף א רוסישן „אָוונט” האָט איליטש זיך צערעדט מיט מאָנטעגיוסן, און, מאָדנע, די דאָזיקע מענטשן, וועלכע זיינען געווען אַזוי פאַרשידן — ווען ס'איז שפּעטער אויסגעבראָכן די מלחמה איז מאָנטעגיוס אַוועק אין לאַגער פון די שאָוויניסטן — האָבן זיך צעפאַנטאַזירט וועגן דער וועלט־רעוואָלוציע. אַזוי געשעט אמאָל — עס טרעפן זיך אין וואַגאָן ווייניק באַקאַנטע מענטשן און אונטער דעם קלאַפּן פון די וואַגאָן־רעדער צערעדן זיי זיך וועגן דעם אינטימסטן, וועגן דעם, וועגן וועלכן זיי וואָלטן קיינמאָל אין קיין אַנדער צייט נישט גערעדט, דערנאָך צעגייען זיי זיך און וועלן זיך שוין מער קיינמאָל אין לעבן נישט טרעפן. אַזוי איז אויך דאָ געווען. דערצו איז דער שמועס נאָך געפירט געוואָרן אויף פראַנצויזיש, — אויף א פרעמדער שפּראַך צו פאַנטאַזירן אויפן קול איז גרינגער, איידער ווי אויף דער אייגענער. צו אונדז פלעגט קומען אויף עטלעכע שעה א פראַנצויזישע אויפרוימערין. איליטש האָט איינמאָל דערהערט, ווי זי זינגט א ליד. דאָס איז געווען אן עלזאַסער ליד, איליטש האָט געבעטן די אויפרוימערקע איבערזינגען עס און זאָגן די ווערטער, און דערנאָך האָט ער עס נישט זעלטן אליין געזונגען. עס האָט זיך געענדיקט מיט די ווערטער:

Vous avez pris Elsace et la Lorraine,
Mais malgré vous nous resterons français.
Vous avez pu germaniser nos plains,
Mais notre coeur — vous ne l'aurez jamais!

(„איר האָט איינגענומען עלזאַס און לאָטארינגען,
נאָר אויף צו להכעיס אייך וועלן מיר איבערבלייבן פראַנצויזן,
איר האָט געקאָנט גערמאַניזירן אונדזערע פעלדער,
נאָר אונדזער האַרץ — וועט איר קיינמאָל נישט האָבן”)

דאס איז געווען אין יאר 1909 — די צייט פון רעאקציע. די פארטיי איז געווען צעקלאפט, נאר איר רעוואלוציאנערער גייסט איז נישט געווען געבראכן, און ס׳האט הארמאניזירט דאס דאזיקע ליד מיט דער שטימונג פון לעגינען. מע האט געדארפט הערן, ווי זינגענדיק, עס האבן געקלונגען אין זיין מויל די ווערטער פון ליד: „נאר אונזער הארץ — ווערט איר קיינמאל נישט האבן!"

אין די דאזיקע סאמע שווערסטע יארן פון דער עמיגראציע, וועגן וועלכע איליטש האט שטענדיק גערעדט מיט א מין הארצווייטיק (שוין צוריקקערנדיק קיין רוסלאנד, האט ער אמאל ווידער איבערגעחזרט דאס, וואס ער האט נישט איין מאל געזאגט פריער: „און צוואס זיצען מיר עס דעמלט אוועקגעפארן פון זשענעווע קיין פאריז?"), אין די דאזיקע שווערע יארן האט ער עקשנותדיק ווי שטענדיק געפאנטאזירט, געפאנטאזירט, שמייענדיק מיט מאנטעגיוסן, זונגעריש זינגענדיק דאס עלזאסער ליד און אין די שלאפלאזע נעכט פארלייענענדיק זיך מיט ווערכהארן.

שפעטער, אין דער צייט פון דער מלחמה, איז וולאדימיר מיטגעריסן געווארן מיט דעם ביכל פון באַרביוס, „Le feu" („פייער"), צושרייבנדיק דעם א קאלאסאלע באדייטונג. דאס דאזיקע ביכל האט אזוי הארמאניזירט מיט זיין דעמלטיקער שטימונג.

מיר זיינען זעלטן געגאנגען אין טעאטער. אמאל פלעגן מיר גיין, אבער די נישטיקייט פון דער פיעסע אדער די פאלשקייט פון דעם שפילן האט שטענדיק שארף געווירקט אויף די נערוון פון וולאדימיר איליטשן. געוויינלעך, פלעגן מיר נאכן ערשטן אקט אוועקגיין. די חברים האבן פון אונדז געלאכט — ווארפן ארויס געלט אומזיסט.

נאר איינמאל איז איליטש דערזעסן ביז צום סוף; דאס איז, דאכט זיך, געווען אין ענדע פון יאר 1915 אין בערן, מע האט געשטעלט די פיעסע פון ל. טאלסטאיען „דער לעבעדיקער מת". כאטש זי איז געגעבן געווארן אויף דייטש, נאר דער אקטיאר, וועלכער האט געשפילט דעם פירשט, איז געווען א רוסישער, ער האט געקאנט איבערגעבן דאס, וואס ל. טאלסטאי האט פארטראכט. איליטש האט אנגעשטרענגט און אויפגערודערט נאכגעפאלגט דאס שפילן.

און ענדלעך אין רוסלאנד. די נייע קונסט האט איליטשן אויסגעזען פרעמד, נישט פארשטענדלעך. איינמאל האט מען אונדז איינגעלאדן אין קרעמל אויף א קאנצערט, וועלכער איז איינגעארדנט געווארן פאר די רויטארמייער. איליטשן האט מען צוגעפירט צו די ערשטע רייען. די

ארטיסטקע גזאָווסקאיא האָט רעקלאמירט מאיאקאָווסקין: „אונדזער גאָט איז מארש, דאָס הארץ — אונדזער באראבאן” — און איז געגאנגען גלייך אויף אילימשן, און ער איז געזעסן אביסל א פארלוירענער פון אומדערווארטקייט, א דערשטוינטער, און האָט ליכט אָפגעזיפצט, ווען אָנשטאָט דער גזאָווסקאיא איז ארויפגעטרעטן א צווייטער ארטיסט, לייענדיק „דעם אויסווורף” פון טשעכאָוון.

איינמאָל אין אָן אָוונט האָט זיך אילימשן פארגלוסט א קוק טאָן, ווי עס לעבט זיך אונדזער יוגנט אין דער קאָמונע. מיר האָבן באשלאָסן אָפשטאטן א וויזיט אונדזער וכוטעמאסעווקע* — וואדיא ארמאנד. דאָס איז געווען, דאכט זיך, אין טאָג פון קראָפאָטקינס לוויה אין יאָר 1921. עס איז געווען א הונגער־יאָר, נאָר די יוגנט איז געווען פול מיט ענטוזיאזם. אין דער קאָמונע זיינען זיי געשלאָפן כמעט אויף די נאקעטע ברעטער, קיין ברויט האָבן זיי נישט געהאט, „דערפאר האָבן מיר גרויפן!” האָט מיט א שיינענדיק פנים געמאָלדן דער דיזשורנער־מיטגליד פון דער קאָמונע — א וכוטעמאסווע. פאר אילימשן האָבן זיי פון די גרויפן אָפגעקאָכט א וואזשנע קאשע, כאָטש זי איז געווען אָן זאלץ. אילימש האָט געקוקט אויף דער יוגנט, אויף די אויפשיינענדיקע פנימער פון די יונגע קינסטלער און קינסטלערינס, וועלכע האָבן אים ארומגערינגלט — און זייער פרייד האָט זיך אָפגעשפיגלט אויף זיין פנים. זיי האָבן אים געוויזן זייערע נאאיווע צייכענונגען, געגעבן צו פארשטיין זייער זין, פארשיט אים מיט פראגן, און ער האָט געלאכט, אויסגעמיטן צו ענטפערן, אויף פראגן געענטפערט מיט פראגן: „וואָס לייענט איר? פושקינען לייענט איר?” — „אָ, ניין, — האָט עמעצער אויסגעשאָסן — ער איז דאָך געווען א בורזשוי! מיר לייענען מאיאקאָווסקין”... אילימש האָט א שמייכל געטאָן: „לויט מיר נאָך איז פושקין בעסער”. נאָך דעם איז אילימש געוואָרן אביסל בעסער געשטימט צו מאיאקאָווסקין. ביי דעם נאָמען האָט זיך אים דערמאָנט די „וכוטעמאסעווישע” יוגנט, וועלכע איז פול מיט לעבן און פרייד, וועלכע איז גרייט צו שטארבן פאר דער סאָוויעטישער מאכט, וועלכע געפינט נישט קיין ווערטער אויף דער היינטיקער שפראך, כדי זיך אויסצודריקן און זוכט דעם דאָזיקן אויסדרוק אין די ווייניק פארשטענדלעכע לידער פון מאיאקאָווסקין. שפעטער האָט אילימש איינמאָל געלויבט מאיאקאָווסקין פאר די לידער, וועלכע לאכן אויס דעם סאָוויעטישן ביוראָקראטיזם.

---

*) ראשי־תיבות. באדייט: „הויכע קינסטלעריש - טעכנישע וואר־שטאטן” — רעד.

מיר זיינען עטלעכע מאָל געגאַנגען אין קינסטלערישן טעאַטער. איין מאָל זיינען מיר געגאַנגען זען דעם „מבול". איליטשן איז עס אויסערגעוויינלעך געפעלן געוואָרן. ער האָט אויפן צווייטן טאָג נאָכאַמאָל געוואָלט גיין אין טעאַטער. עס איז געגאַנגען גאָרקיס „אויפן דנאָ". אַלעקסיי מאַקסימאָוויטשן האָט איליטש ליב געהאַט ווי אַ מענטשן, צו וועלכן ער האָט דערפילט אַ נאָענטקייט אויף דעם לאָנדאָנער צוזאַמענפאָר, ער האָט אים ליב געהאַט, ווי אַ קינסטלער, ער האָט געהאַלטן, אַז ווי אַ קינסטלער, קאָן גאָרקי זייער פיל פאַרשטיין פון האַלבן וואָרט. מיט גאָרקין האָט ער גערעדט באַזונדערס אָפנהאַרציק. דערפאַר האָט איליטש, פאַרשטענדלעך, פון דעם שפּילן פון גאָרקיס אַ זאַך ספּעציעל פיל געפאָדערט. די איבערגעטריבענע טעאַטראַלישקייט פון דער שטעלונג האָט אים אויפגערעגט. נאָך „אויפן דנאָ" האָט ער אויף אַ לענגערער צייט אויפגעהערט צו גיין אין טעאַטער. מיר זיינען נאָך איינמאָל עפּעס געווען אויף דעם „פעטער וואַניאַ" פון טשעכאָוון, ס'איז אים געפעלן געוואָרן. און, ענדלעך, דאָס לעצטע מאָל זיינען מיר געגאַנגען אין טעאַטער שוין אין יאָר 1922 אויף דיקענס אַ פאַרשטעלונג „די גריל הינטערן אויוון". שוין נאָכן ערשטן אקט האָט איליטש זיך אָנגעהויבן צו לאַנגווייליקן, עס האָט אָנגעהויבן שפּילן אויף די נערוון דער באַלעבעסלדיקער סענטימענטאַליזם פון דיקענס, און ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער שמועס צווישן דעם אַלטן סוחר פון שפּילעכלעך און זיין בלינדער טאָכטער, האָט איליטש נישט אויסגעהאַלטן און איז אַוועק אינמיטן אקט.

די לעצטע חדשים פון איליטשעס לעבן. אויף זיין פאַרלאַנג האָב איך אים געלייענט בעלעטריסטיק, געוויינלעך אָוונטצו. איך האָב אים געלייענט שטשעדרינען, געלייענט „מיינע אוניווערסיטעטן" פון גאָרקין.

ס'האָט געטראָפן, איך לייען אים לידער, און ער קוקט פאַרטראַכט אין פענצטער אויף דער פאַרגייענדיקער זון. איך געדענק לידער, וועלכע האָבן זיך געענדיקט מיט די ווערטער: „קיינמאָל, קיינמאָל וועלן די קאָמונאַרן נישט ווערן קיין קנעכט".

לייענסט, פּונקט ווי דו זאָלסט אַ שבועה איבערחזרן איליטשן, — קיינמאָל, קיינמאָל וועלן מיר נישט אָפּגעבן קיין איין דעראָבערונג פון דער רעוואָלוציע...

צוויי טעג פאַר זיין טויט האָב איך אים געלייענט אין אָוונט אַ דערציילונג פון דזשעק לאָנדאָנען — זי ליגט נאָך איצט אין זיין צימער

אויפן טיש — „די ליבע צום לעבן". זייער א שטארקע זאך. דורך א שטייאיקן מדבר, אין וועלכער קיין מענטשלעכער פוס האט נאך נישט גע־טראטן, שלאגט זיך דורך צו א האפן פון א גרויסן טייך א קראנקער מענטש, וואס שטארבט פאר הונגער. זיינע כוחות ווערן אלץ שוואכער, ער גייט שוין נישט, ער קריכט, און לעבן אים קריכט א וואלף, אויך א שטארבנדיקער פון הונגער, עס גייט צווישן זיי א קאמף, דער מענטש זיגט, — א האלב־טויטער, האלב פון זינען דערשלאגט ער זיך צום ציל. איליטשן איז די דערציילונג אויסערגעוויינלעך געפעלן געווארן. אויף דעם צווייטן טאג האט ער געבעטן לייענען ווייטער די דערציילונגען פון לאנדאנען. נאר ביי דזשעק לאנדאנען זיינען אויסגעמישט שטארקע זאכן מיט זייער שוואכע. די ווייטערדיקע דערציילונג איז שוין געווען א פול־שטענדיק אנדערע — זי איז געווען דורכגעדרונגען מיט בורזשואזער מאראל: איינער א קאפיטאן זאגט צו דעם באלעבאס פון שיף, וועלכע איז אנגעלאדן מיט תבואה, צו פארקויפן זי אין א גוטן מקח; ער איז מקריב זיין לעבן, בכדי צו האלטן ווארט. איליטש האט זיך צעלאכט און א מאך געטאן מיט דער האנט.

מער איז מיר נישט אויסגעקומען צו לייענען פאר אים...

נ. ק. קרופסקאיא — „וואס איז געפעלן גע־ווען איליטשן פון דער קינסטלערישער לי־טעראטור". זכרונות וועגן לענינען גיז. 1931, ז. 192—187.

# לענין און טשערנישעווסקי

חברים, איך וויל אייך זאגן עטלעכע ווערטער וועגן דער ווירקונג, וועלכע טשערנישעווסקי האט געהאט אויף וולאדימיר איליטש. אין זיינע ארטיקלען און ביכער האט וולאדימיר איליטש קיינמאל וועגן דער דאזיקער ווירקונג דירעקט נישט גערעדט, נאר יעדעס מאל, ווען ער האט גערעדט וועגן טשערנישעווסקין, האט זיין רעדע אויפגעפלאמט מיט לײדנשאפטלעכקייט. ווען מע קוקט דורך די ווערק פון וולאדימיר אי־ליטש, זעט מען, אז די ערטער, אין וועלכע ער רעדט וועגן טשערני־שעווסקין, זיינען אנגעשריבן עפעס באזונדערס הייס. אין לענינס בראָ־שור „וואס טאן?" איז פאראן אן אומדירעקטע אנווייזונג אויף דער ווירקונג פון טשערנישעווסקין. רעדנדיק וועגן דעם פעריאד צווישן 1894 און 1898 יארן, ווען די ארבעטער־באוועגונג האט זיך אנגעהויבן

שנעל צו אנטוויקלען, האָט אָנגענומען א מאסן־כאראקטער, וויזט לענין אָן דערויף, אז די יוגנט וועלכע איז צוגעשטאנען צו דער באוועגונג, האָט זיך אנטוויקלט און דערצויגן אונטער דעם צויבער פון דער רע־וואָלוציאָנערער טעטיקייט פון די פריערדיקע רעוואָלוציאָנערן און אז זי האָט געהאט אויסצושטיין א גרויסן אינערלעכן קאמף, כדי זיך צו באפרייען פון אונטער זייער ווירקונג און גיין אויף אן אנדערן וועג, אויפן וועג פון מארקסיזם. אין דער דאָזיקער כאראקטעריסטיק איז פאראן אן אויטאָביאָגראפישער מאָמענט.

ווי א פערזענלעכקייט האָט טשערנישעווסקי געווירקט אויף וולאדי־מיר איליטשן מיט זיין אומפשרהדיקייט, אויסגעהאלטנקייט, מיט דעם, ווי ער האָט אזוי ווירדיק און אזוי שטאָלץ איבערגעטראָגן זיין אומדער־הערטן שווערן גורל. און דאָס אלץ, וואָס וולאדימיר איליטש האָט גע־זאָגט וועגן טשערנישעווסקין, אָטעמט מיט א באזונדער אכטונג צו זיין אָנדענק. אין די שווערע צייטן, ווען ס'איז אויסגעקומען אין דער פאר־טייאישער ארבעט איבערצולעבן שווערע מאָמענטן, האָט וולאדימיר אי־ליטש ליב געהאט איבערצוחזרן איין שטעלע פון טשערנישעווסקין, ווו טשערנישעווסקי זאָגט, אז „דער רעוואָלוציאָנערער קאמף, דאָס איז נישט דער טראָטואר פון ניעווסקי פראָספעקט”. וועגן דעם האָט גע־שריבן וולאדימיר איליטש אין יאָר 1917, ווען די רעאקציע האָט זיך באזונדערס געגעבן צו פילן און ווען דער פארטיי איז אויסגעקומען אָפּ־צוטרעטן. דאָס זעלבע אין יאָר 1918, ווען עס זיינען מיט א באזונדער קראפט ארויסגעטרעטן די אלע שוועריקייטן, וועלכע זיינען אנטשטאנען פאר דער סאָוויעטישער מאכט, ווען עס איז אויסגעקומען צו שליסן דעם בריסקער שלום, פירן דעם בירגער־קריג, — דערמאָנט איליטש די דאָזיקע ווערטער פון טשערנישעווסקין. אין דעם ביישפּיל פון טשערני־שעווסקין האָט ער געשעפּט קראפט, און ער האָט איבערגעחזרט זייער אָפט, אז א רעוואָלוציאָנערער מארקסיסט דארף זיין שטענדיק גרייט אויף אלץ.

אָבער נישט בלויז ווי א פערזענלעכקייט האָט טשערנישעווסקי גע־ווירקט אויף לענינען. אויב מיר וועלן זיך צוקוקן צום ערשטן אומלעגאלן ווערק פון וולאדימיר איליטש „וואָס איז אזוינס „די פריינד פון פאָלק”, דאן וועלן מיר דאָרט מיט א באזונדער אָנשוילעכקייט דערזען די וויר־קונג, וועלכע טשערנישעווסקי האָט געהאט אויף לענינען. דער דור, וועגן וועלכן עס האָט גערעדט וולאדימיר איליטש, די יוגנט, וועלכע איז צו־געשטאנען צו דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאל־דעמאָקראטיע אין 1894

יאָר, איז געוואַקסן אין אַן אומגעבונג, ווען אַרום — אין דער ליטע־ראַטור און איבעראַל — האָבן זיך געהערט בלויז שבחים אין באַצוג צו דער פויערישער רעפאָרם. טשערנישעווסקי האָט זי געקאַנט ריכטיק אָפּשאַצן — מיכאַיל ניקאָלאַיעוויטש האָט וועגן דעם געדעדט. און וולאַ־דימיר איליטש זאָגט: מע האָט באַדאַרפט באַזיצן די געניאַליטעט פון טשערנישעווסקין, כדי צו קאָנען אין דער עפּאָכע פון די פויערישע רעפאָרמען געבן די אָפּשאַצונג פון ליבעראַליזם, וועלכע עס האָט גע־געבן טשערנישעווסקי, אויפדעקן די פאַרעטערישע ראָל פון דעם ראַזיקן ליבעראַליזם, זיין קלאַסן־תוך.

אויב מיר ווילן זיך צוקוקן צו דער שפּעטערדיקער טעטיקייט פון לענינען, וועלן מיר זען, אַז טשערנישעווסקי האָט אים אָנגעשטעקט מיט זיין אומפשרהדיקייט אין באַצוג צום ליבעראַליזם. דער אומצוטרוי צו די ליבעראַלע פראַזן, צו דער גאַנצער פּאָזיציע פון ליבעראַליזם, גייט דורך ווי א רויטער פאָדעם דורך דער גאַנצער טעטיקייט פון לענינען. אויב מיר וועלן נעמען די סיבירער פאַרשיקונג, דעם פּראָטעסט קעגן דעם „קרעדאָ", אויב מיר וועלן נעמען דעם איבעררייס מיט סטרווען, דער־נאָך די אומפשרהדיקע פּאָזיציע, וועלכע לענין האָט פאַרנומען אין באַ־צוג צו די קאַדעטן, צו די ליקווידאַטאָרישע מענשעוויקעס, וועלכע זייַ־נען געווען גרייט צו גיין אויף אַן אָפּמאַך מיט די קאַדעטן, וועלן מיר זען, אַז וולאַדימיר איליטש האָט זיך געהאַלטן ביי דער אומפשרהדיקער ליניע, ביי וועלכן עס האָט זיך געהאַלטן טשערנישעווסקי אין באַצוג צו די ליבעראַלן, וועלכע האָבן פאַרקויפט דאָס פויערטום אין דער צייט פון דער רעפאָרם אין יאָר 1861. אויב מיר וועלן איצט אונטערפירן א סך־הכל פון דער דאָזיקער טעטיקייט לענינס, פון דער דאָזיקער אומ־פשרהדיקער פּאָזיציע זיינער, וועלן מיר זען, אַז אדאַנק דער דאָזיקער אומפשרהדיקייט, ביי וועלכער עס האָט זיך געהאַלטן אויך די פּאַרטיי, האָט זיך איר איינגעגעבן צו זיגן. די פראַגע וועגן דער באַציונג צו דער ליבעראַלער בורזשואַזיע איז אומצערייסבאַר פאַרבונדן מיט דער פראַגע וועגן דעמאָקראַטיע. אין „וואָס אַזוינס זיינען די „פריינד פון פאָלק" האָט לענין געשריבן: אין דער עפּאָכע פון טשערנישעווסקין האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין אומצערייסבאַר גאַנצעס דער קאַמף פאַר דעמאָ־קראַטיזם און דער קאַמף פאַר סאָציאַליזם. אָפּשאַצנדיק דעם בורזשואַז־ליבעראַלן דעמאָקראַטיזם און דעם דעמאָקראַטיזם פון פאַרבורזשואַזע־וועטן פאָלקיזם פון די 80־ער יאָרן, וועלכער האָט שלום געמאַכט מיטן צאַריזם, האָט לענין אים אַנטקעגנגעשטעלט דעם דעמאָקראַטיזם פון רע־

וואָלוציאָנערן מאַרקסיזם. טשערנישעווסקי האָט געגעבן אַ מוסטער פון אומפשרהדיקן קאַמף מיט דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג, פון אַ קאַמף, וווּ דער דעמאָקראַטיזם איז געווען אומצערייסבאַר פאַרבונדן מיטן קאַמף פאַר סאָציאַליזם.

לענין האָט געשעצט די טעטיקייט פון טשערנישעווסקין, זיין עכטן דעמאָקראַטיזם, ווייל ער האָט געזען די איינשטימיקייט פון דעם דאָזיקן דעמאָקראַטיזם מיט דער באַציונג פון מאַרקסיזם צו די מאַסן. די לערע פון מאַרקסיזם האָט נישט בלויז באַלויכטן דעם קאַמף אויף דעם עקאָנאָמישן באָדן, וועלכער איז פאָרגעקומען צווישן אַרבעטער־קלאַס און די קאַפּיטאַליסטן, דער מאַרקסיזם האָט אַרומגעכאַפּט אַלע דערשיינונגען אין גאַנצן, האָט באַלויכטן די גאַנצע אָרדענונג, אַנאַליזירנדיק זי און אין דער זעלבער צייט אָנווייזנדיק, ווי מע דאַרף צונויפגיסן צוזאַמען דעם קאַמף פאַר דעמאָקראַטיזם און דעם קאַמף פאַר סאָציאַליזם. אויב מיר וועלן זיך צוקוקן ווי אַזוי מאַרקס האָט געקעמפט מיט לאַסאַלן, אויף וואָס פאַר אַ באָדן עס איז געגאַנגען ביי זיי דער קאַמף, ווי מאַרקס האָט זיך אויפגערעגט פון דעם, וואָס לאַסאַל פאַרשטייט נישט די באַדייטונג פון דער רעוואָלוציאָנערער זעלבסטטעטיקייט פון די מאַסן, וועלן מיר פאַרשטייען דעם סאָציאַליסטישן תוך פון רעוואָלוציאָנערן מאַרקסיזם. עס האָבן אים פולשטענדיק נישט פאַרשטאַנען, צום ביישפּיל, די אַזוי־גערופענע „ליבעראַלע מאַרקסיסטן", אומאויפהערלעך אַרויסלאָזנדיק פון אויג די אָריענטירונג, וועלכע איז ביי מאַרקסן שטענדיק געווען אויפן אַרבעטער־קלאַס, אויף די מאַסן. אין מאַרקסיזם גיסן זיך ווירקלעך צונויף דער דעמאָקראַטיזם און דער קאַמף פאַר סאָציאַליזם אין איין אומצערייסבאַרער קייט. און ס'איז נישט צופעליק, וואָס שטענדיק, ווען וולאַדימיר איליטש האָט באַרירט פראַגן פון דעמאָקראַטיזם האָט ער שטענדיק דערמאָנט טשערנישעווסקין, ביי וועלכן ער האָט זיך צום ערשטן מאָל אויסגעלערנט דעם קאַמף פאַר דעמאָקראַטיע צו פאַרייניקן מיטן קאַמף פאַר סאָציאַליזם. אויב מיר וועלן אַ קוק טאָן, וואָס עס שטעלט פאָר מיט זיך די לערע וועגן די סאָוויעטן, וועגן דער סאָוויעטישער מאַכט, וועלן מיר זען, אַז גראָד אין דער לערע וועגן דער סאָוויעטישער מאַכט פאַרווירקלעכט זיך און שפּיגלט זיך אָפּ צום דייטלעכסטן די דאָזיקע פאַרייניקונג פון דעם קאַמף פאַר דעמאָקראַטיזם און פון דעם קאַמף פאַר סאָציאַליזם. איך געדענק, ווען איך האָב אין יאָר 1918 זיך גענומען אָנשרייבן אַ פּאָפּולערע בראָשור וועגן די סאָוויעטן און דער סאָוויעטישער מאַכט, האָט וולאַדימיר איליטש מיר גע־

בראכט איינמאָל אַן אויסשניט פון דער פראנצויזישער צייטונג „הומאַניטע", — איך האָב שוין פארגעסן די פאמיליע פון פראנצויזישן חבר, וואָס האָט וועגן דעם געשריבן, — אן אויסשניט, אין וועלכן עס האָט זיך גערעדט וועגן דעם, אַז די סאָוויעטישע מאכט איז די צוזאַמענגעשטעלטסטע טיפע און קאָנסעקווענטסטע דעמאָקראַטישע מאכט. וולאַדימיר איליטש, איבערגעבנדיק מיר דעם דאָזיקן אויסשניט, האָט געזאָגט, אַז אין דער ריכטונג, געמלעך, דאַרף מען ווענדן די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט, מע דאַרף באַווייזן דעם גאַנצן עכטן דעמאָקראַטיזם, וועלכער איז איינגעשלאָסן אין דער סטרוקטור גופא פון דער סאָוויעטישער מאכט, אין וועלכער דער פּראָלעטאַריאַט דערהייבט זיך צו אַ נייעם מער ברייטערן דעמאָקראַטיזם.

מאַרקס איז איבערגעזעצט געוואָרן אויף דער רוסישער שפּראַך נאָך אין די 60־ער יאָרן. נאָר מען האָט נאָך באַדאַרפט מאַרקסן איבערזעצן אויף דער שפּראַך פון די רוסישע פאַקטן. דאָס האָט געטאָן לענין אין זיין בוך „די אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם אין רוסלאַנד". ער האָט דאָס געקאָנט טאָן אַ דאַנק דער ווירקונג פון טשערנישעווסקין אויף אים. וולאַדימיר איליטש האָט איינציקע מאָל דערמאָנט וועגן דעם, ווי גוט טשערנישעווסקי האָט געקענט די רוסישע ווירקלעכקייט, ווי גוט ער האָט געקענט די פאַקטן אין שייכות מיט דעם אויסקויף פון די פּויערים און אַ. וו.

אין ערשטן פּעריאָד פון זיין רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט האָט וולאַדימיר איליטש אויף די פילאָזאָפישע איבערצייגונגען פון טשערנישעווסקין געלייגט ווייניקער אכט, כאָטש ער איז געווען באַקענט מיט פּלעכאַנאָווס ביכל „וועגן טשערנישעווסקין", אין וועלכן די דאָזיקע זייט איז באַזונדערס גענומען געוואָרן אין באַטראַכט, נאָר אין יענער צייט האָט די פראַגע ווייניקער אינטערעסירט וולאַדימיר איליטשן. ערשט אין יאָר 1908, ווען אויף דעם דאָזיקן פראָנט, אויפן פילאָזאָפישן פראָנט, האָט זיך אַנטוויקלט אַ ברייטער קאַמף, ערשט דעמלט האָט ער נאָכאַמאָל איבערגעלייענט טשערנישעווסקין און גערעדט וועגן טשערנישעווסקין ווי וועגן אַ גרויסן רוסישן העגעליאַנער, אַ גרויסן רוסישן מאַטעריאַליסט. שפּעטער, ווען אין יאָר 1914 האָט זיך אָנגעהויבן אָנרוקן די מלחמה און די נאַציאָנאַלע פראַגע האָט באַקומען אַ באַזונדער אַקטועלע באַדייטונג, האָט וולאַדימיר איליטש אין זיין אַרטיקל וועגן „דער נאַציאָנאַלער זעלבסטבאַשטימונג" אונטערגעשטראָכן באַזונדערס דאָס, וואָס

טשערנישעווסקי האָט, פונקט ווי מאַרקס, פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון פוילישן אויפשטאַנד.

אַזוי אַרום, ווען מיר זאָלן אַ קוק טאָן אויף די אַלע מאָמענטן, וועלן מיר דערזען וואָס פאַר אַ טיפע ווירקונג טשערנישעווסקי האָט געהאַט אויף לענינען, אויף זיין גאַנצער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. פונדאַנען איז פאַרשטענדלעך די באַציונג פון לענינען צו טשערנישעווסקין. אין סיביר האָט וולאַדימיר איליטש געהאַט אַן אַלבאָם, אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען פאָטאָגראַפיעס פון די שרייבער, וועלכע האָבן געהאַט אויף אים אַ באַזונדערס שטאַרקע ווירקונג. דאָרט, האָבן זיך געפונען צוזאַמען מיט מאַרקסן און ענגעלסן, צוזאַמען מיט הערצענען און פיסאַרעוון, צוויי בילדער פון טשערנישעווסקין, און אויך אַ בילדל פון מישקינען, וועלכער האָט געפרווט באַפרייען טשערנישעווסקין. דערנאָך, אין דער שפּעטערדיקער צייט, שוין אין קרעמל, איז אין קאַבינעט פון וולאַדימיר איליטש, צווישן די אויטאָרן, וועלכע ער האָט געוואָלט האָבן שטענדיק אונטער דער האַנט, צוזאַמען מיט מאַרקסן, ענגעלסן, פּלעכאַנאָוון — געשטאַנען אויך די פולע אויסגאַבע פון טשערנישעווסקיס ווערק, וועלכע וולאַדימיר איליטש האָט אין דער פרייער צייט געלייענט נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל.

איך וואָלט זיך געוואָלט אָפּשטעלן נאָך אויף איין קליינעם פּרט. אין דעם בוך „וואָס אַזוינס זיינען „די פריינד פון פאָלק" ווייזט און וולאַדימיר איליטש דערויף, אַז געדעכט איז געווען קאַוטסקי, וואָס האָט געזאָגט וועגן דער עפּאָכע, אין וועלכער עס האָט געלעבט טשערנישעווסקי, אַז דעמלט איז יעדער סאָציאַליסט געווען אַ פּאָעט און יעדער פּאָעט אַ סאָציאַליסט. וולאַדימיר איליטש האָט געלייענט בעלעטריסטיק, זי שטודירט, ליב געהאַט. נאָר ביי וולאַדימיר איליטשן האָט זיך צונויפגעגאָסן אין איין גאַנצעס דער געזעלשאַפטלעכער צוגאַנג מיט דער קינסטלערישער שילדערונג פון דער ווירקלעכקייט. די דאָזיקע צוויי זאַכן האָט ער נישט אָפּגעטיילט איינע פון דער צווייטער, און פונקט ווי ביי טשערנישעווסקין שפּיגלען זיך אָפּ זיינע אידייען פולשטענדיק אין זיינע קינסטלערישע ווערק, אַזוי האָט וולאַדימיר איליטש ביים אויסוואַל פון בעלעטריסטישע ביכער באַזונדערס ליב געהאַט די ביכער, אין וועלכע עס האָבן זיך קלאָר אָפּגעשפּיגלט אין זייער קינסטלערישער שילדערונג די אָדער אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אידייען.

דאָס איז דאָס ביסל, וואָס איך האָב געוואָלט זאָגן. דאָס, וואָס איך האָט געזאָגט טראָגט נישט קיין כאַראַקטער פון פערזענלעכע זכרונות.

די שמועסן אויף דער טעמע, געדענק איך נישט. אין משך פון יאָרן פאַרלירט זיך אַ סך פון זכרון, ווייל יעדן טאָג געשעעט דאָך עפּעס נייעס, נישט יעדעס וואָרט בלייבט אין זכרון, אין זכרון בלייבן נאָר איינציקע שטריכן, שמועסן. נאָר מיר דאַכט זיך, אַז אין די ווערק, אַרטיקלען, בראָשורן פון וולאַדימיר איליטש שפּיגלט זיך אָפּ גענוג דייטלעך די פילאָסאָפיע ווירקונג, וועלכע עס האָט געהאַט אויף אים טשערנישעווסקי.

נ. ק. קרופּסקאַיאַ — „לענין און טשערני-
שעווסקי". זכרונות וועגן לענינען, גיז. 1931,
ז. 186—180.

# לענין און גאָרקי

וולאַדימיר איליטש האָט זייער געשעצט אַלעקסיי מאַקסימאָוויטש גאָרקי, ווי אַ שרייבער. באַזונדערס זיינען אים געפעלן „די מוטער", די אַרטיקלען אין „נאָוואַיאַ זשיזן" וועגן קליינבירגערטום, — וולאַדימיר איליטש גופא האָט פיינד געהאַט אַלץ, וואָס איז קליינבירגערלעך, — ס'איז אים געפעלן געווען „אויפן דנאָ", ס'זיינען אים געפעלן געווען די לידער וועגן סאָקאָל און שטורעמפויגל, זייער שטימונג, ער האָט אויך ליב געהאַט אַזעלכע זאַכן פון גאָרקין ווי „סטראַסטי־מאָרדאַסטי", „זעקס און צוואַנציק און איינע".

איך דערמאָן זיך ווי איליטש האָט זיך אָנגעצונדן מיט חשק צו גיין אין קינסטלערישן טעאַטער אויף דער פאָרשטעלונג „אויפן דנאָ", איך געדענק, ווי ער האָט געהערט „מיינע אוניווערסיטעטן" אין די לעצטע טעג פון זיין לעבן.

גאָרקי האָט געשריבן מער פון אַלץ וועגן אַרבעטער, וועגן דער שטאָטישער אָרעמקייט, וועגן „דנאָ", וועגן די שיכטן, וועלכע האָבן מער פון אַלץ אינטערעסירט איליטשן, ער האָט באַשריבן דאָס לעבן, ווי עס איז, אין זיין גאַנצער קאָנקרעטקייט, ער האָט עס געזען מיט די אויגן פון אַ מענטשן, וואָס האַסט די אונטערדריקונג, עקספּלואַטאַציע, גער מיינהייט, אָרעמקייט פון געדאַנק — מיט די אויגן פון אַ רעוואָלוציאָנער. און דאָס וואָס האָט געשריבן גאָרקי, איז געווען נאָענט און פאַר־שטענדלעך איליטשן.

אין אַ בריוו צו מיר (פון יאָר 1930) האָט א. מ. געשריבן: „שמו־עסנדיק מיט מיר אויף קאַפּרי וועגן דער ליטעראַטור פון יענע יאָרן, האָט

ער אויסערגעוויינלעך וויך כאראקטעריזירט די שרייבער פון זיין דור, אומברחמנותדיק און לייכט אויפדעקנדיק זייער תוך".

אילימש האט גוט געקענט די רוסישע ליטעראטור — זי איז פאר אים געווען א מיטל צו דערקענען דאס לעבן. און וואס פולער, אלזייטי־קער, טיפער די קינסטלערישע ווערק האבן געשילדערט דאס לעבן, וואס בשוטער זיי זיינען געווען, אלץ מער האט זיי אילימש געשעצט.

וולאדימיר אילימש האט זיך נאענט באקענט מיט גארקין אין יאר 1907 אויף דעם לאנדאנער פארטיי־צוזאמענפאר, ער האט אים דארט באאבאכטעט, געשמועסט מיט אים און זיך גייסטיק מיט אים דערנענ־טערט. אינטערעסאנט זיינען די בריוו פון אילימשן צו גארקין אין דער צייט פון דער צווייטער עמיגראציע. דאס בילד פון אילימשן ווי א מענטש טרעט ארויס ספעציעל בולט אין די דאזיקע בריוו. אילימש שרייבט גארקין מיט א שניידנדיקער אפנהארציקייט וועגן דעם, מיט וועלכן ער איז נישט מסכים, וואס אים רודערט אויף, באאומרויקט. אילימש האט אזוי געוויינלעך געשריבן צו חברים, נאר אין די בריוו צו גארקין איז פאראן א באזונדערער ניואנס. ער שרייבט אפט זייער שארף, נאר אין דער דאזיקער שארפקייט איז פאראן זייער א סך פון עפעס אזא באזונ־דערע צארטקייט. די בריוו זיינען געשריבן שטענדיק אונטער דעם אומ־מיטלבארן איינדרוק פון א וועלכן־ס'איז פאקט, און זיי איז פאראן פיל עמאציאנעלקייט — ס'איז קלאר אפגעשפיגלט דער אומרו; די שווער־קייט פון געוויסע איבערלעבונגען, פרייד, האפענונג. אילימשן האט זיך אויסגעדאכט, אז גארקי וועט דאס אלץ זייער גוט פארשטיין. און שטענ־דיק האט זיך אויך געוואלט אילימשן איבערצייגן גארקין אין דער ריכ־טיקייט פון זיינע אנשויונגען, ער האט זיי היים פארטיידיקט.

אין די בריוו פון לענינען צו גארקין זעט מען די זארג פון איי־לימשן וועגן אים. אלע ווייסן, ווי אויפמערקזאם אילימש האט זיך באצויגן צו מענטשן, ער האט געקאנט זארגן וועגן זיי. און אלעקסיי מאקסימאַ־וויטש אליין האט אויך נישט איינמאל געשריבן וועגן דעם. אלע האבן דאס אפגעמערקט.

אילימשן האט באאומרויקט דאס געזונט פון אלעקסיי מאקסימאַ־וויטשן. ער האט זיך שטענדיק וועגן דעם נאכגעפרעגט, געגעבן עצות זיך צו היילן אומבאדינגט ביי ערשטקלאסיקע דאקטוירים, אפהיטן א רעזשים („פריזשים" פלעגט אילימש זאגן אין א ווערטל), נישט אר־בעטן אין די נעכט.

אויף דער עמיגראַציע האָט איליטש זייער געליטן דערפון, וואָס איז אויסגעקומען צו זען ווייניק אַרבעטער. אמת, אויף דער עמיגראַציע זיינען געווען אַ סך אַרבעטער, נאָר זיי האָבן זיך געוויינלעך שנעל איינגעאָרדנט אויף אַרבעט און געלעבט שוין מיט די אָרטיקע פראַנצויזישע, אָדער שווייצאַרישע אינטערעסן, און דאָס לעבן אויף דער עמיגראַציע האָט זייער שנעל אַרויפגעלייגט אויף זיי זיין חותם.

דערפאַר איז ער שטענדיק געווען צופרידן צו פאַרקערן מיט אַרבעטער, וועלכע זיינען געקומען קיין אויסלאַנד אויף נישט לאַנג. איליטש איז באַזונדער געווען צופרידן פון דער אַרבעט מיט די אַרבעטער פון דער קאַפּרישער שול אין לאָנזשיומאָ. אין יאָר 1913 האָבן געזאָלט קומען קיין פּאָראָנין (אין גאַליציע לעבן קראָקע) אַרבעטער־דעפּוטאַטן. גאָרקי אויף קאַפּרי האָט נאָך ווייניקער מעגלעכקייט געהאַט צו פאַרקערן מיט רוסישע אַרבעטער, און איליטש האָט זיך קלאָר פאָרגעשטעלט, ווי דאָס איז אים שווער, ער האָט אים אָנגעהויבן רופן קיין פּאָראָנין.

„אויב אייער געזונט־צושטאַנד דערלויבט, כאַפּט זיך אַראָפּ אויף נישט לאַנג, באמת! נאָך לאָנדאָן און נאָך דער שול אויף קאַפּרי וואָלט איר זיך געזען מיט נאָך אַרבעטער“.

ביי מיר האָט זיך איינגעהיט איין בריוו פון איליטשן פון יאָר 1919. איך בין דעמלט געפאָרן אויף דער אַגיטאַציע־שיף „רויטער שטערן“, איך האָב איליטשן געשריבן וועגן מיינע ערשטע איינדרוקן, און איליטשן איז איינגעפאַלן, אַז ס'וואָלט גוט געווען גאָרקי זאָל זיך אַזוי דורכפאָרן. „איך האָב אים פאַרבעטן דורך אַ טעלעגראַמע, — האָט ער געשריבן, — צי איז נישט מעגלעך אויף דעם „רויטן שטערן“ אָפּגעבן אַ קאַיוטע פאַר גאָרקין. ער וועט מאָרגן דאָ קומען צו פאָרן, און איך וואָלט זייער געוואָלט אַרויסשלעפּן אים פון פּיטער, ווו ער איז געוואָרן זייער נערוועז. איך האָף, אַז דו און די איבעריקע חברים וועלן זיין צופרידן צו פאָרן מיט גאָרקין. ער איז זייער אַ ליבער בחור“.

איך האָב ווייניק געזען איליטשן צוזאַמען מיט גאָרקין.

אויף דעם לאָנדאָנער צוזאַמענפאָר בין איך נישט געווען, קיין קאַפּרי בין איך נישט געפאָרן, און אין פּאַריז, אין מאָסקווע און אין גאָרקי, ווען צו אונדז איז געקומען צו פאָרן אַלעקסיי מאַקסימאָוויטש, האָב איך זיך שטענדיק באַמיט אַרויסצורוקן, כדי זיי צו געבן די מעגלעכקייט האַרציק זיך דורכצושמועסן, אויג אויף אויג.

נ. ק. קרופּסקאַיאַ—„לענין און גאָרקי“ („קאָמ־סאָמאָלסקאַיאַ פּראַוודאַ“ נומ. 222 פון 25־טן סעפּטעמבער 1932).

מ. גארקי

# וו. אי. לענין

(אויסצוג)

וולאדימיר לענין איז געשטארבן.

אפילו אייניקע פון דעם לאגער פון זיינע פיינט אנערקענען ערלעך: אין דער פערזאן פון לענינען האט די וועלט פארלוירן א מענטשן, „וועלכער האט צווישן אלע גרויסע מענטשן פון זיין צייט צום בולטסטן פארקערפערט אין זיך די געניאליטעט". די דייטשע בורזשואזע צייטונג „פראגער טאגבלאט", אפדרוקנדיק וועגן לענינען אן ארטיקל פול מיט אכטונג און פארוונדערונג פאר זיין קאלאסאלער פיגור, האט פארענדיקט דאס ארטיקל מיט די ווערטער:

„גרויס, אומצוטריטלעך און מוראדיק זעט אויס לענין אפילו נאכן טויט".

לויטן טאן פון ארטיקל איז קלאר, אז ארויסגערופן האט אים נישט די פיזיאלאגישע צופרידנקייט, וועלכע איז ציניש אויסגעדריקט אין דעם אפאריזם: „דער טויטער קערפער פון א שונא שמעקט שטענדיק גוט", נישט די פרייד, וועלכע מענטשן דערפילן, ווען עס גייט אוועק פון זיי א גרויסער אומרויקער מענטש, — ניין, אין דעם דאזיקן ארטיקל קלינגט הויך דאס מענטשלעכע שטאלצירן מיט א מענטשן.

די פרעסע פון דער רוסישער עמיגראציע האט נישט געפונען אין זיך נישט קיין כוחות, נישט קיין טאקט צו באציען זיך צום טויט פון לענינען מיט דער אכטונג, וועלכע עס האבן ארויסגעוויזן די בורזשואזע צייטונגען אינעם אפשאצן די פערזענלעכקייט פון איינעם פון די גרעסטע אויסדריקער פון דעם דראנג צום לעבן און פון דער אומדערשראקנקייט פון פארשטאנד.

מאלן זיין פארטרעט איז שווער. אויסערלעך איז לענין — אינגאנצן אין ווארט, ווי א פיש אין די שופן. ער איז געווען פשוט און אויפריכטיק, ווי אלץ, וואס איז דורך אים געזאגט געווארן.

זיין העלדישקייט פארמאגט כמעט אינגאנצן נישט קיין אויסערלעכן גלאנץ, זיין העלדישקייט — דאס איז די נישט־זעלטענע אין רוסלאנד באשיידענע אסקעטישע מסירת־נפש פון אן ערלעכן רוסישן אינטעליגענט־רעוואלוציאנער, וועלכער איז איבערציינגט אן שום וואקלעניש אין דער מעגלעכקייט פון סאציאלער גערעכטיקייט אויף דער ערד, דער העראיזם

פון א מענטשן, וועלכער האט זיך אפגעזאגט פון אלע ערדישע פריידן צוליב דער שווערער ארבעט פאר דעם גליק פון אלע מענטשן.

דאס וואס ס'איז דורך מיר געשריבן געווארן תיכף נאך זיין טויט, איז אנגעשריבן אין א געדריקטן צושטאנד, אייליק און שלעכט. געוויסע זאכן האב איך נישט געקאנט אנשרייבן צוליב טעמים פון „טאקט", ב'גלייב פולקאם פארשטענדלעכע. דורכדרינגלעך און קלוג איז געווען דער דאזיקער מענטש, און „אין א סך קלוגשאפט איז פאראן א סך מרויער".

ער האט געזען ווייט פאראויס און, טראכטנדיק און ריידנדיק וועגן מענטשן אין די יארן פון 19—21, האט ער נישט זעלטן פאראויסגעזען אומפעלערהאפט, ווי זיי וועלן זיין אין עטלעכע יאר. נישט שטענדיק האט זיך געוואלט גלייבן אין זיינע פאראויסזאגונגען און נישט זעלטן זיינען זיי געווען באליידיקנדיק, נאר צום באדויערן האבן נישט ווייניק מענטשן בארעכטיקט זיינע סקעפטישע כאראקטעריסטיקעס. מיינע זכרונות וועגן אים זיינען אנגעשריבן נישט בלויז שלעכט, נאר אויך אן א סדר, מיט פארדריסלעכע בלוזן. איך וואלט באדארפט אנהייבן פון לאנדאנער צוזאמענפאר, פון יענע טעג, ווען וולאדימיר איליטש איז דערשינען פאר מיר אויסגעצייכנט באלויכטן דורך ספקות און אומצוטרוי פון אייניקע, דורך אפענער שנאה און אפילו האס פון אנדערע.

איך זע נאך איצט זייער גוט די נאקעטע ווענט פון דעם לעכערלעך מיזערנעם הילצערנעם קלויסטער אויף דער פעריפעריע פון לאנדאן, די נאמישע פענצטער פון קליינעם שמאלן זאל, וועלכער איז געווען ענלעך צו א קלאסן־צימער פון אן ארעמער שול. די דאזיקע געביידע האט דערמאנט אין א קלויסטער בלויז פון אויסנווייניק, אינעווייניק זיינען אינגאנצן נישט געווען קיין קולט־קעגנשטאנדן, און אפילו די נידעריקע קאמעדרע פארן פרעדיקער איז נישט געשטאנען אויבנאן, אין דער טיף פון זאל, נאר ביי זיין אריינגאנג, צווישן צוויי טירן. ביז דעם יאר האב איך לעניגען נישט באגעגנט, און אויך נישט געלייענט אזוי פיל, וויפל מע וואלט באדארפט. נאר דאס, וואס מיך האט זיך איינגעגעבן צו לייענען, און באזונדערס די באגייסטערטע שמועסן פון די חברים, וועלכע האבן אים פערזענלעך געקענט, האבן מיר געצויגן צו אים מיט א גרויסער קראפט. ווען מע האט אונדז באקענט, האט ער, פעסט דריקנדיק מיין האנט און דורכנעמענדיק מיך מיט זיינע דורכדרינגלעכע אויגן, אנגעהויבן רעדן מיט א טאן פון אן אלטן באקאנטן, שפאסיק:

— דאס איז גוט, וואס איר זענט געקומען צו פארן! איר האט דאך ליב א געשלעג? דא וועט זיין א גרויס געשלעג.

איך האָב דערוואַרט לענינען נישט אַזאַ. מיר האָט עפּעס וואָס אין אים געפעלט. רעדט מיט אַ ווייכער רייש און די הענט פאַרוקט ערגעץ אונטער די פּאַכוועס. און בכלל האָט ער אויסגעזען עפּעס צו פּראָסט. עס האָט זיך אין אים נישט געפילט גאָרנישט פון אַ „פירער". איך בין אַ ליטעראַט. די פּראָפעסיע פאַרפליכטעט מיך צו באַמערקן קלייניקייטן, די דאָזיקע פליכט איז געוואָרן אַ געוווינהייט, צייטנווייז אַפילו שוין אַ דערעסנדיקע.

ווען מע האָט מיך „צונגעפירט" צו ג. וו. פּלעכאַנאָוון איז ער געשטאַנען מיט פאַרלייגטע הענט אויף דער ברוסט און געקוקט שטרענג, לאַנגווייליק, ווי עס קוקט אַ לערער, וואָס איז שוין מיד פון זיינע פליכטן, אויף נאָך איינעם אַ נייעם שילער. ער האָט מיר געזאָגט אַ גאַנץ געוויינלעכע פראַזע: „איך בין אַן אָנהענגער פון אייער טאַלענט". אויסער דעם האָט ער גאָרנישט געזאָגט אַזיינס, וואָס איך זאָל פאַרגעדענקען. און אין משך פון גאַנצן צוזאַמענפאָר איז נישט אַנטשטאַנען קיין שום חשק נישט ביי אים, נישט ביי מיר, „האַרציק" זיך דורכצושמועסן.

און דער דאָזיקער פליכטוואַטער, שטשעפּעליאָווער, געפּאַקטער און פּעסטער מענטש, רייבנדיק מיט איין האַנט דעם סאָקראַטעס־שטערן, צופּנדיק מיט דער צווייטער מיין האַנט און צערטלעך בלישטשענדיק מיט די ווונדערלעך לעבעדיקע אויגן, האָט גלייך אָנגעהויבן רעדן וועגן די חסרונות פון בוך „די מוטער". ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט אים געלייענט אין מאַנוסקריפּט, וועלכן ער האָט גענומען ביי י. פּ. לאַדיזשניקאָוון. איך האָב געזאָגט, אַז איך האָב זיך געאײַלט אָנצושרייבן דאָס בוך, נאָר — איך האָב נישט באַוויזן אויפצוקלערן פאַרוואָס איך האָב זיך געאײַלט, — לענין האָט צושטימענדיק אַ נייג געטאָן מיטן קאָפּ, ער האָט דאָס אַליין אויפגעקלערט: זייער גוט, וואָס איך האָב צוגעאײַלט, דאָס בוך איז אַ נייטיקס, פיל אַרבעטער האָבן אָנטייל גענומען אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג נישט באַוווסטזיניק, סטיכיש, און איצט וועלן זיי איבערלייענען „די מוטער" מיט גרויס נוצן פאַר זיך.

„זייער אַן אַקטועל בוך". דאָס איז געווען דער איינציקער, אָבער זייער ווערטפולער פאַר מיר קאָמפּלימענט. דערנאָך האָט ער זיך זאַכלעך אינפאָרמירט, צי „די מוטער" ווערט איבערגעזעצט ווערן אויף אויסלענדישע שפּראַכן, אויף וויפל עס האָט איבערגעפירט דאָס בוך די רוסישע אָדער אַמעריקאַנער צענזור, און דערוויסנדיק זיך, אַז ס'איז באַשלאָסן דעם אויטאָר צוציען צום געריכט, האָט ער זיך לכתחילה פאַרקרומט, נאָר דערנאָך, אַ וואָרף טוענדיק דעם קאָפּ אין דער הויך און פאַרמאַכנ־

ביז די אויגן, זיך צעלאכט מיט עפּעס א נישט געוויינלעך געלעכטער; זיין געלעכטער האָט צוגעצויגן ארבעטער, ס'איז צוגעגאנגען, דאכט זיך, פּאָמאַ דער אוראלער און נאָך א מענטשן דריי.

---

כ'בין אמאָל געקומען צו אים און דערזען: אויפן טיש ליגט א באנד פון „מלחמה און שלום".

— יאָ, טאָלסטאָי, ס'האָט זיך פארוואָלט איבערלייענען די יאגד־סצענע, נאָר אָט האָב איך זיך דערמאָנט, אז איך דארף אָנשרייבן צו א חבר. צו לייענען, איז אבסאָלוט נישטאָ קיין צייט. נאָר היינט ביי־נאכט האָב איך איבערגעלייענט אייער ביכל וועגן טאָלסטאָיען.

שמייכלענדיק און פארזשמורענדיק די אויגן, האָט ער מיט פארגע־ניגן זיך אויסגעצויגן אין פאָטעל און אראָפּלאָזנדיק די שטים שנעל פאָרגעזעצט:

— וואָס פאר א פעלדז. הם? וואָס פאר א קאלאָסאלער מענטש? אָט דאָס, טאטעלע, הייסט א קינסטלער... און איר ווייסט, וואָס איז נאָך ווונדערלעכער? ביז דעם דאָזיקן גראף איז דאָך קיין עכטער פּויער אין דער ליטעראטור נישט געווען.

דערנאָך, קוקנדיק אויף מיר מיט פארזשמורעטע אויגן, האָט ער געפרעגט:

— וועמען אין אייראָפּע קאָן מען שטעלן אין איין ריי מיט אים?

און ער האָט זיך אליין געענטפערט:

קיינעם נישט.

און רייבנדיק די הענט האָט ער זיך צעלאכט א צופרידענער.

איך האָב נישט זעלטן באמערקט ביי אים א שטריך פון שטאָלצירן מיט דער רוסישער קונסט. טיילמאָל האָט דער דאָזיקער שטריך מיר אויס־געזען אויסטערליש פרעמד פאר לענינען און אפילו נאאיוו, נאָר דערנאָך האָבן אים פערזענלעך געקענט, האָבן מיך געצויגן צו אים מיט א גרוי־סער פארבאָרגענער, פריידיקער ליבע צום ארבעטנדיקן פאָלק.

אויף דעם אינדזל קאַפּרי, צוקוקנדיק זיך, ווי פּאָרזיכטיק די פישער פּלאָנטערן אויף נעצן, וואָס זיינען צעריסן און פארפּלאָנטערט געוואָרן דורך אן אקולע, האָט ער באמערקט:

— אונדזערע ארבעטן ריזעוודיקער.

און ווען איך האָב אויסגעדריקט מיין צווייפל אין שייכות דער־מיט, האָט ער, נישט אָן פארדרוס, געזאָגט:

— הם, הם. פארגעסט נאָר נישט אין רוסלאַנד, לעבנדיק אויף דער דאָזיקער שישקע.

ו. א. דעסניצקי - סטראָיעוו האָט מיר איבערגעגעבן, אַז איינמאָל איז ער געפאָרן מיט לענינען איבער שווערן און דורכגעקוקט און וואַגאָן א רייטשע מאָנאָגראַפיע וועגן דיורערן.

די דייטשישע שכנים פון קופּע האָבן אים געפרעגט, וואָס איז דאָס פאַר א בוך. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי האָבן גאָרנישט געהערט וועגן זייער גרויסן קינסטלער. דאָס האָט אַרויסגערופן כמעט אַן אַנטציקונג ביי לענינען, און ער האָט צוויי מאָל מיט שטאָלץ געזאָגט דעסניצקין:

— זיי זייערע קענען נישט, און מיר קענען.

איינמאָל אין מאָסקווע אָוונט־צו אין דער וווינונג פון ע. פּ. פּעשקאָווא האָט לענין הערנדיק בעטהאָווענס סאָנאַטע אין דער אויספירונג פון איסאַי דאָבראָווין, געזאָגט:

— איך קען נישט קיין העכערס פון דער „Apassionata" איך בין זי גרייט צו הערן יעדן טאָג. א וווּנדערלעכע איבערמענטשלעכע מוזיק. איך טראַכט שטענדיק מיט שטאָלץ, קאָן זיין, נאַאיוון: אָט וואָס פאַר א וווּנדער מענטשן קאָנען שאַפן!

און, פאַרזשמורענדיק זיך, צעשמייכלענדיק זיך, האָט ער צוגעגעבן אומעטיק:

— נאָר אָפט הערן מוזיק קאָן איך נישט, עס ווירקט אויף די נערוון, עס ווילט זיך רעדן לעבעדלעכע נאַרישקייטן און גלעטן די קעפּ פון די מענטשן, וואָס קאָנען, לעבנדיק אין אַזא ברודיקן גיהנום, שאַפן אַזא שיינקייט. נאָר היינטיקע צייטן גלעטן וועמען ס'איז איבערן קאָפּ קאָן מען נישט — מע וועט די הענט אָפּבייסן, און מע דאַרף שלאָגן איבער די קעפּ, שלאָגן אומברחמנותדיק, כאָטש אין אידעאַל זיינען מיר קעגן יעדן געוואַלט איבער די מענטשן. הם, הם — א טײַוולאָניש שווערער אַמט!

---

זיין באַציונג צו מיר איז געווען א באַציונג פון א שטרענגן לערער און פון א גוטן „זאָרגעוודיקן פריינד".

— איר זענט א מענטש א רעטעניש, — האָט ער מיר געזאָגט אין שפּאַס, — אין דער ליטעראַטור זענט איר, מכלומרשט, א גוטער רעאַ־

ליסט, און אין דער באַציִונג צו מענטשן — אַ ראָמאַנטיקער. ביי איך זיינען אַלע — קרבנות פון דער געשיכטע? מיר קענען געשיכטע און מיר זאָגן די קרבנות: צעוואַרפט די מזבחות, צעשטערט די בתי־מקדשים, נידער מיט די געטער! און איר ווילט איבערצייגן, אַז די קאָמפּעטישע פּאַרטיי פון אַרבעטנדיקן קלאַס איז פאַרפליכטעט פריער פאַר אַלץ אייננצואָרדענען באַקוועם די אינטעליגענטן.

מעגלעך, אַז איך בין זיך טועה, נאָר מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז וו. אילימשן איז אָנגענעם צו שמועסן מיט מיר. ער האָט כמעט שטענדיק פאַרגעלייגט:

— קומט צו פאָרן, קלינגט אָן, לאָמיר זיך טרעפן.

און איינמאָל האָט ער געזאָגט:

— צו כאַפּן אַ שמועס מיט אייך איז שטענדיק טשעקאַווע, ביי אייך איז דער קרייז פון איינדרוקן פאַרשיידנאַרטיקער און ברייטער.

ער האָט זיך נאָכגעפרעגט וועגן דער שטימונג פון דער אינטעליגענץ, ספּעציעל אויפמערקזאַם וועגן די געלערנטע, — איך האָב דעמלט געאַרבעט אין דער „קאָמיסיע פאַר פאַרבעסערן דעם לעבנס־שטייגער פון די געלערנטע". ער האָט זיך אינטערעסירט מיט דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור.

— וואָס דערוואַרט איר פון איר?

איך האָב געזאָגט, אַז איך דערוואַרט אַ סך, נאָר איך האַלט פאַר אַבסאָלוט נייטיק צו אָרגאַניזירן אַ ליטעראַרישע היכשול מיט קאַטעדרעס פאַר שפּראַכקענטעניש, אויסלענדישע שפּראַכן — פון מערב און מזרח — פאָלקלאָר, געשיכטע פון דער וועלט־ליטעראַטור, באַזונדערס — רוסישע.

— הם, הם, — האָט ער געזאָגט, פאַרזשמורענדיק זיך און אונטערלאַכנדיק — מיט פאַרנעם און פאַרבלענדנדיק! דאָס וואָס מיט פאַרנעם — בין איך נישט דאַקעגן, נאָר אָט — פאַרבלענדנדיק, צי וועט דאָס זיין, הם? קיין אייגענע פּראָפעסאָרן אויף דעם געביט פאַרמאָגן מיר נישט, און די בורזשואַזיע וועלן אונדז אַזאַ געשיכטע באַווייזן... ניין, איצט איז עס נישט פאַר אונדזערע כוחות. מע דאַרף צוּוואַרטן אַ יאָר־לעך דריי, פינף.

און ער האָט זיך געקלאָגט.

— אויף לייענען איז אינגאַנצן קיין צייט נישטאָ. ער האָט שטאַרק און נישט איינמאָל אונטערגעשטראָכן די אַגיטאַציע־באַדייטונג פון דעמיאַן ביעדנים שרייבן, נאָר ער האָט געזאָגט:

— ער איז גראָבלעך, ער גייט נאָכן לייענער, און מע דאַרף גיין אַביסל פאָרויס.

צו מאיאַקאָווסקין האָט ער זיך באַצויגן מיט אומצוטרוי און אַפילו געצייצט.

— ער שרייט, טראַכט אויס עפּעס קרומע ווערטער, און אַלץ איז ביי אים נישט דאָס, לויט מיר נאָך, — נישט דאָס, און ווייניק פאַרשטענדלעך. אַלץ איז צעשיט, שווער צו לייענען. ער איז טאַלענטירט? אַפילו זייער? הם, הם, מיר וועלן זען! צי געפינט איר נישט אייך, אַז ער שרייבט צופיל לידער? ס׳יי אין די זשורנאַלן גאַנצע זייטן מיט לידער, און לידער־זאַמלונגען כמעט יעדן טאָג.

איך האָב געזאָגט, אַז די ליבע פון דער יוגנט צום ליד איז נאַטירלעך אין אַזעלכע טעג און אַז, לויט מיר נאָך, איז פיל לייכטער צו שרייבן מיטלמעסיקע לידער איידער גוטע פּראָזע, לידער פאָדערן אויך ווייניקער צייט; דערצו זיינען נאָך ביי אונדז פאַראַן אַ סך גוטע לערער פון פּאָעטיק.

— נו, אַז לידער זיינען גרינגער פון פּראָזע — דאָס גלייב איך נישט! איך קאָן זיך דאָס נישט פאָרשטעלן. איר זאָלט אַפילו פון מיר די הויט שינדן, וועל איך קיין צוויי שורות נישט אָנשרייבן — האָט ער געזאָגט און זיך אָנגעכמורעט. — מע דאַרף אין דער מאַסע אַריינברענגען די גאַנצע אַלטע רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור, וויפל זי איז נאָר פאַראַן ביי אונדז און אין אייראָפּע.

---

ער איז געווען אַ רוסישער מענטש, וועלכער האָט אַ לאַנגע צייט געלעבט אויסער רוסלאַנד, אויפמערקזאַם באַטראַכטנדיק זיין לאַנד — פונדערווייטנס זעט עס אויס פאַרביקער און העלער. ער האָט ריכטיק אָפּגעשאַצט זיין פּאָטענציעלע קראַפט — די אויסערגעוויינלעכע טאַלאַנטירטקייט פון פאָלק, וועלכע איז נאָך שוואַך געקומען צום אויסדרוק, נאָך נישט געוועקט דורך דער שווערער און נודנער געשיכטע, נאָר אַ טאַלאַנטירטקייט, וועלכע האָט אומעטום, אויפן טונקעלן פאָן פון פאַנטאַסטישן רוסישן לעבן, געפינקלט מיט גאָלדענע שטערן.

ולאַדימיר לענין דער גרויסער, עכטער מענטש פון דער וועלט — איז געשטאָרבן. דער דאָזיקער טויט האָט ווייטיקלעך געטראָפן די הערצער פון יענע מענטשן, וועלכע האָבן אים געקענט, זייער ווייטיקלעך!

נאָר די שוואַרצע ליניע פון טויט האָט נאָך שאַרפער אונטערגע־שטראָכן אין די אויגן פון דער גאַנצער וועלט זיין באַדייטונג — די באַדייטונג פון אַ פירער פון אַלוועלטלעכן אַרבעטנדיקן פאָלק.

און אויב אַפילו דער וואָלקן פון שנאה צו אים, דער וואָלקן פון ליגן און רכילות אַרום זיין נאָמען וואָלט געווען נאָך געדיכטער — אַלץ איינס: נישטאָ אַזעלכע כוחות, וועלכע וואָלטן געקאָנט פאַרטונקלען דעם פאַקעל, וואָס איז דורך לענינען אויפגעהויבן געוואָרן אין דער דושנער פינצטערניש פון דער משוגע־געוואָרענער וועלט.

און ס'איז נאָך נישט געווען קיין מענטש, וועלכער זאָל אַזוי ווי ער ווירקלעך פאַרדינען אין דער וועלט אייביקן אָנדענק.

וולאַדימיר לענין איז געשטאָרבן. די יורשים פון זיין פאַרשטאַנד און ווילן — לעבן. לעבן און אַרבעטן אַזוי דערפאָלגרייך ווי קיינער קיינמאָל אין דער וועלט האָט נישט געאַרבעט.

מ. גאָרקי — „וו. אי. לענין“. זאַמלונג פון ווערק 1933, ב. 22—21, ז. 190—198, 215—216, 22—221.

# אָנמערקונגען פון דער רעדאַקציע

1) נאָך די בלוטיקע געשעענישן פון 22 יאַנואַר 1905, ווען די צאַרישע פּאָליציי האָט געשאָסן אין דער צוויי־הונדערט־טויזנט־קעפּיקער דעמאָנסטראַציע פאַר דעם ווינטער־פּאַלאַץ און מער פון טויזנט אַרבעטער דערהרגעט און עטלעכע טויזנט פאַרוווּנדעט, האָבן זיך אָנגעהויבן פּראָטעסט־שטרייקן און אַרבעטער־אומרוען איבער גאַנץ רוסלאַנד. די אַרבעטער האָבן געפאָדערט פּאָליטישע פרייהייטן. דעם 2־טן אָקטאָבער איז אויסגעבראָכן אַ שטרייק אין סיטינס טיפּאָגראַפיע אין מאָסקווע. פון דאָרט האָט דער שטרייק זיך אויסגעשפּרייט אויף אַלע איבעריקע טיפּאָגראַפיעס. דעם 20־טן האָט זיך אָנגעהויבן דער שטרייק אויף דער אייזנבאַן מאָסקווע—קאַזאַן. צום שטרייק זיינען צוגעשטאַנען אַלע איבעריקע באַן־ליניעס, אַזוי, אַז דעם 29־טן אָקטאָבער איז שוין געווען אָפּגעשטאָרבן די גאַנצע באַוועגונג: עס זיינען שטיין געבליבן אַלע אייזנבאַנען, עס האָט אויפגעהערט אַרבעטן דער טעלעגראַף, עס האָבן זיך אָפּגעשטעלט די טראַמווייען א.א.וו. אַן אַלגעמיינער שטרייק האָט אַרומגענומען אַלע שטעט אין רוסלאַנד.

אין רעזולטאַט פון דעם שטרייק האָט די צאַרישע זעלבסטהערשאַפט, אָנגעשראָקן פון דעם פאַרנעם פון דער באַוועגונג, באַשלאָסן צו גיין אויף הנחות און פאַרעפנטלעכט דעם באַריכטן „מאַניפעסט” פון 30־טן (17) אָקטאָבער, וועלכער האָט צוגעזאָגט צונויפצורופן די מלוכהשע דומע מיט געזעצגעבערישע רעכט, געבן די פרייהייט פון וואָרט, פון דרוק, פון פאַרזאַמלונגען א.א.וו.

2) אַ צייטונג, וועלכע איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון 1857 ביז 1867 דורך הערצענען ביי דער באַטייליקונג פון אָגאַרעוון. דער „קאָלאָקאָל” איז ביז 1865 דערשינען אין לאָנדאָן, דערנאָך אין זשענעווע, ער האָט זיך פאַרשפּרייט אומלעגאַל אין רוסלאַנד און האָט געהאַט אַ קאָלאָסאַלע ווירקונג אויף די אינטעליגענטישע קרייזן פון דער רוסישער געזעלשאַפט.

3) אַ סמאָלענסקער פויער, שפּעטער אַ פּעטערבורגער וועבער. אַן אָנגעזעענער רעוואָלוציאָנער פון די 70־ער יאָרן. אויף זיין פּראָצעס האָט ער זיך אָפּגעזאָגט פון אַ פאַרטיידיקער און אין שלוס־וואָרט דרייסט אַרויסגעטרעטן קעגן צאַרישן דעספּאָטיזם. פאַרמשפּט געוואָרן אויף 10 יאָר קאַטאָרגע אין סיביר, וווּ ער איז געוואָרן דערמאָרדעט.

4) די ערשטע רוסישע מאַרקסיסטישע גרופּע אָרגאַניזירט אין יאָר 1883 דורך וו. נ. פּלעכאַנאָוון אין אויסלאַנד, אין זשענעווע, וווּ ער איז געווען געצוווּנגען עוועקצופאָרן צוליב די פאַרפאָלגונגען פון דער צאַרישער רעגירונג.

5) די „עקאנאמיסטן" האבן באהויפטעט אז די ארבעטער דארפן בלויז פירן אן עקאנאמישן קאמף; וואס איז שייך דעם פאליטישן קאמף, דארף אים פירן די ליבעראלע בורזשואזיע, וועלכע די ארבעטער דארפן שטיצן. אין יאר 1899 האט א גרופע „עקאנאמיסטן" פארעפנטלעכט א מאניפעסט, אין וועלכן זיי זיינען ארויסגעטרעטן קעגן דעם רעוואלוציאנערן מארקסיזם און געפאדערט אפצוזאגן זיך פון שאפן א זעלבסטשטענדיקע פאליטישע פארטיי פון פראלעטאריאט, אפצוזאגן זיך פון זעלבסטשטענדיקע פאליטישע פאדערונגען פונעם ארבעטער-קלאס. די דאזיקע אפארטוניסטישע באוועגונג איז אנטשטאנען אין סוף פון די 90-ער יארן און ארויסגערופן דעם שארפסטן ווידערשטאנד מצד די רעוואלוציאנערע סאציאל-דעמאקראטן מיט לענינען אין דער שפיץ.

6) סינדיקאליזם — אן אפארטוניסטישע שטרעמונג אין דער פראפ.-באוועגונג, וועלכע האט אונטער דער ווירקונג פון פרודאנס לערע וועגן דער נעגאטיווער באציונג צו פאליטיק און מלוכה, באיקאטירט די פארלאמענטארישע אופנים פון קאמף, אנטקעגנשטעלנדיק זיי דעם שטרייק, ווי די סאמע קאנקרעטסטע פארם פון קלאסן-קאמף.

7) אזוי האט זיך אנגערופן אין די יארן 1908—1914 א גרויסער טייל פון די מענשעוויקעס, עקסטרעמע אפארטוניסטן, וועלכע האבן געשטרעבט צו א לעגאלער טעטיקייט אין די באדינגונגען פון סטאליפינישן רעזשים. נאך דעם דורכפאל פון דער רעוואלוציע אין יאר 1905 האבן די ליקווידאטארן געהאלטן, אז עס קומט א לעגאלער פעריאד פון א פארהעלטנישמעסיק פרידלעכן קאמף פון פראלעטאריאט אין די באדינגונגען פון א „קאנסטיטוציאנעלער" מאנארכיע. „זיי האבן זיך שענדלעך אפגעזאגט פון די רעוואלוציאנערע פאדערונגען פון דעם פראגראם און פון די רעוואלוציאנערע לאזונגען פון דער פארטיי; זיי האבן געוואלט ליקווידירן, פארניכטן די רעוואלוציאנערע אומלעגאלע פארטיי פונעם פראלעטאריאט. דעריבער האט מען דעם דאזיקן מין מענשעוויקעס גענומען אנרופן ליקווידאטארן" (קורצער קורס פון דער געשיכטע פון אל.ק.פ.ב.) די ליקווידאטארן האבן פארגעלייגט צו באזייטיקן אלע אלטע קאנספיראטיווע פארמען פון דער פארטיי-ארגאניזאציע און צופאסן זיך צו פארמען פון די „בורזשואזע פרייהייטן". אין שפיץ פון די ליקווידאטארן זיינען געשטאנען: מארטאוו, דאן, פאטרעסאוו, אקסלראד, טשערעוואני, מארטינאוו און אנדערע פירער פון די מענשעוויקעס.

8) ארגאן פון רעוואלוציאנערן מארקסיזם. איז ארויסגעגעבן געווארן אין אויסלאנד פון 1901 ביז 1905. אין דער רעדאקציע זיינען אריינגעגאנגען: פלעכאנאוו, לענין, מארטאוו, אקסלראד, פאטרעסאוו און זאסוליטש. דער צווייטער צוזאמענפאר פון דער פארטיי האט די „איסקרא" אנערקענט אלס דעם צענטראל-ארגאן פון דער פארטיי. נאך דער שפאלטונג אין דער פארטיי אויף דעם צוזאמענפאר פון 1903 איז די „איסקרא" אריבער אין די הענט פון די מענשעוויקעס. לענין איז ארויסגעטרעטן פון דער רעדאקציע און געשאפן אן ארגאן פון רעוואלוציאנערן פליגל פון ס. ד. אונטערן נאמען „וופעריאד" („פארויס"). די „איסקרא" איז ווייטער דערשינען, נאר שוין ווי אן ארגאן פון די מענשעוויקעס. מען האט זי איצט גערופן די „נייע איסקרא".

די אלטע „איסקרא" האט אפגעשפילט א קאלאסאלע ראל אין דער ארבעטער-באוועגונג פון רוסלאנד אויך אין דער היסטאריע פון גרינדן די פארטיי.

9) אָפּאָרטוניסטישער (רעכטער) פליגל פון דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַרבעטער-פּאַרטיי. ווי אַ באַשטימטע פראַקציע פון דער ר.ס.ד.א.פּ. האָבן די מענשעוויקעס אָנגעהויבן זייער עקזיסטענץ פון דעם 2-טן צוזאַמענפאָר אין יאָר 1903. די מיינונגס-פאַרשידנהייטן מיט די באָלשעוויקעס, וועלכע האָבן זיך צום ערשטנס געדרייט בלויז אַרום אָרגאַניזאַציאָנעלע פראַגן, האָבן זיך בהדרגהדיק פאַרטיפט און דערפירט סוף-כל-סוף צו אַ פאָרמעלער שפּאַלטונג פון ר.ס.ד.א.פּ. אויף צוויי פּאַרטייען, אַ באָלשעוויסטישע, פּראָלעטאַרישע, און אַ מענשעוויסטיש-קליינבירגערלעכע, וועלכע איז פאַקטיש געווען די איבערטרעגערין פון דער בורזשואַזער ווירקונג אויף דעם אַרבעטער-קלאַס. שוין אין דער רעוואָלוציע פון 1905 זיינען די מענשעוויקעס אַרויסגעטרעטן קעגן דעם קאַמף פון די אַרבעטער און פּויערים פאַר דער מאַכט, האַלטנדיק פאַר נויטיק און צוועקמעסיק אַ קאָאַליציע מיט דער בורזשואַזיע, אַרויסטרעטנדיק קעגן דער אידיי פון העגעמאָניע פון פּראָלעטאַריאַט אין דער רעוואָלוציע און פאַרלייקנדיק פולשטענדיק די רעוואָלוציאָנערע ראָל פון פּויערטום. אָנהייבנדיק פון יאָר 1908 ווערט דער מענשעוויזם כמעט אינגאַנצן באַהערשט דורך די ליקווידאַטאָרן, וועלכע טרעטן אַרויס קעגן דער עקזיסטענץ פון אַן אונטערערדישע פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציע, קעגן שטרייקן א.א.וו. די ערשטע וועלט-מלחמה האָט די מענשעוויקעס אַריינגעוואָרפן אין די אָרעמס פון שאָוויניזם און נאַציאָנאַליסטישער פאָטערלאַנד-פאַרטיידיקונג, פאַרוואַנדלענדיק זיי אין סאָציאַל-אימפּעריאַליסטן. די פעברואַר-רעוואָלוציע שטעלט אַוועק די מענשעוויקעס צוזאַמען מיט די עסערן און ליבעראַלער בורזשואַזיע ביי דער מאַכט, און ערשט דאַן קומט אויף בולט זייער פאַראַט פון די אינטערעסן פון אַרבעטער-קלאַס און זייער פאַרקויפטקייט דער בורזשואַזיע אין אַלע גרונטיקע פראַגן פון דער רעוואָלוציע. נאָך דער אָקטאָבער-רעוואָלוציע געפינען זיך די מענשעוויקעס אין לאַגער פון די פאַרביסנסטע שונאים פון דער סאָוויעטישער מאַכט, נעמענדיק אַנטייל מיט געווער אין דער האַנט אין אַלע פאַרשווערונגען און אונטערנעמונגען פון דער קאָנטררעוואָלוציע.

10) איינער פון די פירער פון די „עקאָנאָמיסטן", מיטרעדאַקטאָר פון זשורנאַל „ראַבאָטשעיע דיעלאָ". נאָך דער שפּאַלטונג אין יאָר 1903 — אַ מענשעוויק-ליקווידאַטאָר.

11) געבוירן אין יאָר 1840, געשטאָרבן אין יאָר 1868. אַ קריטיקער און פּובליציסט. גיט אין אַ ריי אַרטיקלען אַ צעשמעטערנדיקע קריטיק פון אידעאַליזם. אַלס פאָרגייער פון סאָציאַליסטישן פאָלקיזם, האָט פּיסאַרעוו געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דער געזעלשאַפטלעכער באַוועגונג פון די 60-ער יאָרן. פאַר צונויפשטעלן אַן אומלעגאַלער בראָשור — פאַרמשפּט אויף 4 יאָר פעסטונג.

12) בירָאָן ערנעסט יאָהאַן (1690—1772) פאַוואָריט פון דער קעניגן אננא. דער טעראָריסטישער רעזשים, וועלכער האָט עקזיסטירט אונטער איר הערשאַפט (1769—1834) איז געוואָרן באַצייכנט מיטן נאָמען „בירָאָנאָווטשינע".

13) אַראַקטשעיעוו אַלעקסיי (1769—1834) איז געשטאַנען ביי דעם מאַכט-רודער אין רוסלאַנד פאַר דעם צאַר פּאַוועל דעם 1-טן און אַלעקסאַנדער דעם 1-טן, רעפּרעזענטירנדיק די פּאָליטיק פון ברוטאַלן פּאָליציייִשן און מיליטערישן דעספּאָטיזם. פונאַנען די באַצייכענונג „אַראַקטשעיעווטשינע".

14) געמיינט די דעקאַבריסטן, די אָרגאַניזאַטאָרן און אָנטיילנעמער אין באַוואָפנטן אויפשטאַנד פון 14-טן (26) דעצעמבער (דעקאַבר) 1825 קעגן צאַר.

די דעקאַבריסטן האָבן זיך געטיילט אויף עטלעכע גרופּן פון פאַרשידענער פּאָליטישער באַפאַרבונג. די עקסטרעמסטע גרופּירונגען (דער דרום־פאַרבאַנד, אָנגעפירט דורך דעם פּאָלקאָווניק פּעסטעל, ווי אויך דער פאַרבאַנד פון די פאַראייניקטע סלאַוויאַנער) האָבן געשטרעבט פולשטענדיק צו פאַרניכטן דעם צאַריזם און דאָס ליבאייגנשום.

15) געבוירן אין יאָר 1770, געשטאָרבן אין יאָר 1831. דער גרעסטער פאָרשטייער פון דער דייטשער אידעאַליסטישער פילאָזאָפיע. ווי דעם יסוד פון אַלץ וואָס עקזיסטירט, האָט העגעל געהאַלטן די אייביק זיך זעלבסטאַנטוויקלענדיקע „אַבסאָלוטע אידיי". העגעלס לערע וועגן דער דיאַלעקטישער אַנטוויקלונג איז קריטיש איבערגענומען געוואָרן פון מאַרקסן און ענגעלסן, וועלכע האָבן זי באַפרייט פון איר אידעאַליסטישער איינשטעלונג. לויטן אויסדרוק פון מאַרקסן שטייט די דיאַלעקטיק ביי העגעלן „אויפן קאָפּ, מע דאַרף זי שטעלן אויף די פיס".

16) געבוירן אין יאָר 1772, געשטאָרבן אין יאָר 1804. העגעלס אַ שילער, וועלכער איז אַריבערגעגאַנגען פון אידעאַליזם צו מאַטעריאַליזם.

קריטיקירנדיק דעם אידעאַליזם פון העגעלן, זאָגט פייערבאַך: „העגעלס איינשטעלונג, אַז די „אַבסאָלוטע אידיי", מחמת איר אייביקן זיין, האָט עקזיסטירט פאַר דער מאַטעריעלער וועלט, איז אַ פאַנטאַסטישער רעשט פון גלויבן אין אַ גאָט — שעפער. די איינציקווירקלעכע וועלט איז די מאַטעריעלע וועלט, וועלכע איז צוטריטלעך אונדזערע געפילן און צו וועלכער עס געהער אויך דער מענטש גופא. נישט דער גייסט געבוירט די מאַטעריע, נאָר פאַרקערט. „איך שאַף נישט קיין קעגנשטאַנדן פון אידייען, נאָר פאַרקערט, אידייען פון קעגנשטאַנדן, און פאַר אַ קעגנשטאַנד האַלט איך דאָס, וואָס עקזיסטירט אויסער מיין קאָפּ".

אָבער פייערבאַך האָט זיין מאַטעריאַליזם נישט געקאָנט באַפרייען פון מעטאַפיזישע שטריכן, וועלכע זיינען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע פאַרויסגייער־מאַטעריאַליסטן. ער האָט ריכטיק אָנגעווענדט די מאַטעריאַליסטישע פילאָזאָפיע אויפצוקלערן די נאַטור, ער האָט דאָס אָבער פולשטענדיק נישט געקאָנט טאָן אין דער אָנווענדונג צום מענטש. בלויז אין די אַרבעטן פון מאַרקסן און ענגעלסן האָט די פילאָזאָפיע פון מאַטעריאַליזם געפונען איר פולקאָמסטן אויסדרוק אין דער פאָרם פון א. ג. דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם.

17) פון 23־טן ביזן 25־טן יוני 1848 איז פאָרגעקומען די בלוטיקע אָפּרעכענונג מיטן פּאַריזער פּראָלעטאַריאַט, וועלכער האָט דורכגעפירט די רעוואָלוציע פון 1848 יאָר. ווען די אַרבעטער האָבן גענומען פאָדערן פון דער בורזשואַזיע, פאַר וועלכער זיי האָבן דעראָבערט די מאַכט, ווירקלעך צו באַקעמפן די אַרבעטלאָזיקייט, האָט די בורזשואַזיע פּראָוואָצירט די אַרבעטער דערמיט, וואָס זי האָט אַלע אַרבעטלאָזע פאַרפליכטעט זיך צו פאַרשרייבן אַלס זעלנער, אָדער אָוועקצופאָרן אויף דער פּראָווינץ אויף ערד־אַרבעטן. אין רעזולטאַט דערפון איז פּאַריז באַדעקט געוואָרן מיט באַריקאַדן, דער קריגס־מיניסטער קאַוועניאַק האָט אַרויסגעשיקט קעגן די אויפשטענדלער גרויסע מיליטערישע כוחות און זיי צעקלאַפּט. עס זיינען אומגעקומען 3,750 מענטשן, ביי אַ 5000 זיינען געוואָרן פאַרמשפּט אויף קאַטאָרגע.

18) געבוירן אין 1814, געשטאָרבן אין 1876. אָנגעזעענסטער טעאָרעטיקער פון אַנאַרכיזם. טרעט צו אין יאָר 1864 צום 1־טן אינטערנאַציאָנאַל, אָבער הייבט אָן גלייך אַ פאַרביסענעם קאַמף מיט מאַרקסן, אַנטוויקלענדיק אַנאַרכיסטישע אַנ־

שווינגען און גרינדנדיק אינערהאַלב דעם 1-טן אינטערנאַציאָנאַל אַן אַנאַרכיסטישע אָרגאַניזאַציע „אַסאָציאַציע פון אינטערנאַציאָנאַלע ברידער“.

די טעטיקייט פון באַקונינען איז געשטעלט געוואָרן אויפן טאָג-אָרדענונג פון האַאַגער קאָנגרעס אין יאָר 1872, וועלכער האָט באַקונינען אויסגעשלאָסן פון אינטערנאַציאָנאַל.

19) באַוווסטער רוסישער קריטיקער און פובליציסט (1836—1861). איינער פון די שענסטע פאָרשטייער פון דעם ראַדיקאַליזם פון די 60-ער יאָרן. אין זיינע אַרטיקלען איז ער אַרויסגעטרעטן קעגן דער אונטערדריקונג פון דער מענטשלעכער פערזענלעכקייט, קעגן לייבאייגנטום און קעגן דער פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער רעכטלאָזיקייט.

20) אין יאָר 1909 האָט אַ גרופּע העכסט אָנגעזעענע קאַדעטישע שרייבער אַרויסגעלאָזט אַ זאַמלבוך „וויעכי“ (וועג-ציימנס), אין וועלכן די קאַדעטן האָבן אין נאָמען פון דער בורזשואַזיע באַדאַנקט דעם צאַריזם פאַר דערשטיקן די רעוואָלוציע. פויזנדיק און אַרויסווייזנדיק קנעכטישקייט פאַר דער צאַרישער רעגירונג פון בייטש און תליה, האָבן די קאַדעטן אָפן געשריבן, אַז מע דאַרף „בענטשן די דאָזיקע מאַכט, וואָס בלויז זי אַליין מיט אירע באַגנעטן און טורמעס באַשיצט נאָך אונדז (דאָס הייסט, די ליבעראַלע בורזשואַזיע) פונעם פאָלקס-צאָרן“. (קורצער קורס פון דער געשיכטע פון אַלקפּב).

21) די פּאַרטיי „אָקטיאַבריסטן“, אָדער „דער פאַרבאַנד פון 17 אָקטאָבער“ איז באַשטאַנען פון פריצים און פאַבריקאַנטן, וועלכע האָבן מכלומרשט אָנערקענט דעם מאַניפעסט פון 17-טן אָקטאָבער. די פּאַרטיי האָט פולשטענדיק געשטיצט סיי די אינערלעכע, סיי די אויסערלעכע פּאָליטיק פון דער צאַרישער רעגירונג. איר לידער איז געווען א. ז. גוטשקאָוו.

22) פראַווינץ-געריכטן ביים צאַרישן רעזשים אונטער דער אָנפירונג פון באַאַמטע-גוטבאַזיצער און אַדעליקע, וועלכע האָבן קאָנצענטרירט אין זייערע הענט סיי די געריכטלעכע סיי די אַדמיניסטראַטיווע מאַכט איבער דער פּויערישער געזעלשאַפט.

23) דעם 19 פעברואַר 1861 האָט דער צאַר אַלעקסאַנדער דער 2-טער אונטערגעשריבן דעם מאַניפעסט וועגן דער באַפרייונג פון די פּויערים.

24) מיטגלידער פון דער פאָלקסטישער געהיימער געזעלשאַפט „טשאָרנאַ-ווּאָלאַ“, געגרינדעט אין האַרבסט 1879. דאָס פּראָפּגאַנדירן די זעלבסטהערשאַפט האָט די „טשאָרנאַ ווּאָלאַ“ געהאַלטן פאַר דעם נייטווענדיקסטן פאַרבאַנד פון אַ דערפּאָלגרייכער פּראָפּאַגאַנדע פון סאָציאַליזם. „דעם וועג וואָס זי האָט אויסגעקליבן צו קעמפן מיטן צאַריזם דורך איינצלנע מאָרדן און אינדיווידועלן טעראָר איז געווען אַ פעלערהאַפטער און שעדלעכער פאַר דער רעוואָלוציע. די פּאָליטיק פון אינדיווידועלן טעראָר האָט געשטאַמט פון דער נישט ריכטיקער פאָלקסטישער טעאָריע וועגן אַקטיווע „העלדן“ און פּאַסיווע „המון“, וועלכע דערוואַרט פון די „העלדן“ אַ „העלדן-טאַט“. „פּלעכאַנאָוו האָט דער ערשטער געגעבן אַ מאַרקסיסטישע „קריטיק פון די פעלערהאַפטע אָנשויונגען פון די פאָלקיסטן“ (קורצער קורס פון דער געשיכטע פון אַלקפּב).

25) אַ קליינצאָליקע גרופּע פון פּויערישע קליינבירגערלעכע דעמאָקראַטן אין דער דריטער דומע, וועלכע האָט זיך געוואַקלט צווישן די קאַדעטן און דער אַרבעטער-דעמאָקראַטיע (באָלשעוויקעס).

26) (1842—1904) ליטעראַטור - קריטיקער און זשורנאַליסט. איינער פון די אָנגעזעענסטע טעאָרעטיקער פון פּאָלקיזם. לייטער פון „רוסקאָיע באָגאַטסטוואָ", וווּ ער האָט געפירט א פארביסענעם קאַמף קעגן די מאַרקסיסטן. די עסערן האַלטן אים פאַר דעם גרונטלייגער פון זייער פּאַרטיי.

27) הויפּט-אָרגאַן פון די פּאָלקסיטן-קאָאָפּעראַטיסטן פון די 80-90-ער יאָרן, וועלכער האָט אָפּגעגעבן פיל אָרט אויף פּאָלעמיק מיט די מאַרקסיסטן.

28) (1862—1911) אינערן-מיניסטער אין דער צייט פון דער ערשטער דומע. פּרעמיער-מיניסטער פון 1906 ביז 1911. פאָרשטייער פון דער פּריצישער רעאַקציע נאָך דעם יאָר 1905. צעטריבט די ערשטע און צווייטע דומע. אָרגאַ-ניזירט אַ קאָנטררעוואָלוציאָנערן טעראָר אין דער פאָרם פון מיליטערישע פעלד-גערינכטן, פירט דורך אַן אַגראַר-רעפאָרם, צעשטערנדיק די געמיינדע און שטעלנ-דיק אויפן קולאַק, אומגעקומען פון אַן אָכראַניק (באָגראָוו).

29) זע באַמערקונג 21.

30) אַ מעסיק-ליבעראַלע פּאַרטיי, וועלכע האָט נאָכן צעטרייבן פון דער 1-טער דומע אין יאָר 1906 פאַראייניקט די לינקע אָקטיאַבריסטן און רעכטע קאַ-דעטן.

31) אַדמיראַל, באַקאַנט דורך זיין בלוטיקן דערשטיקן דעם אויפשטאַנד פון 9-טן- 12-טן דעצעמבער 1905 אין מאָסקווע.

32) גענעראַל. באַוווּסטער פּאָגראָמשטשיק פון ווילנע. דערשטיקט דעם מי-ליטערישן אויפשטאַנד פון 1905—1906 אין זאַבאַיקאַליע.

33) אַ באַראָן און גענעראַל (1844—1913). בלוטיק דערשטיקט דעם באַ-וואָפנטן אויפשטאַנד פון 1905—1906 אין פּריבאַלטיק.

34) אַ שטח ערד, וועלכער געהערט דער געמיינדע, ווערט צעטיילט צווישן באַזונדערע אייגנטימער לויט א קעגנזייטיקן אָפּמאַך, וואָס ווערט געשלאָסן אויף אַן אַלגעמיינע אסיפה. אויף דער זעלבער אסיפה ווערט פעסטגעשטעלט די באַדינ-גונגען און די אָרדענונג פון באַאַרבעטן די ערד ווי אויך פון דער עקספּלואַטאַציע פון די וועלדער און היי-לאָנקעס. אָפטמאָל ווערן די לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטן געפירט אויף אָרטעל-יסודות דורך אַלע מיטגלידער פון דער געמיינדע. דער קהלשער ערד-באַזיץ איז באַזונדערס געווען אַנטוויקלט אין רוסלאַנד. דער אומ-פאַנג פון דער געמיינדע איז געווען אַ פאַרשידענער — פון זייער קליינע, וועלכע זיינען באַשטאַנען איינגאַנצן פון עטלעכע הויף, ביז פאַראייניקונגען פון עטלעכע דערפער.

35) איינער פון די אָנגעזעענסטע פאָרשטייער פון לעגאַלן מאַרקסיזם אין די 90-ער יאָרן, אין יאָר 1900 רייסט ער איבער מיטן מאַרקסיזם און טרעט אריין אין לאַגער פון די ליבעראַלן. נאָכן יאָר 1905 — אַ שוואַרצמאַהדיקער נאַציאָ-נאַליסט. אין צייט פון בירגער-קריג נעמט אָנטייל אין דער רעגירונג פון דעני-קינען, און דערנאָך — אַ מיניסטער פון וורא‍נגעלן. אויף דער עמיגראַציע — רעדאַקטאָר פון זשורנאַל „רוסקאַיאַ מיסל".

36) אַ צייטונג, וועלכע איז דערשינען אין פּעטערבורג פון 1876 ביז 1917 אונטער דער לייטונג פון סוואָרינען. דער אָרגאַן פון די קאָנסערוואַטיוו-פּריצישע און ביוראָקראַטישע קרייזן.

37) אין דער צייט פון אָפּשאַפן דאָס לייבאייגנטום אין רוסלאַנד אין יאָר 1861 האָט די צאַרישע רעגירונג אַזוי אָרומגעשניטן די פּויערישע ווירטשאַפטן,

אַז די בעסטע ערד איז אָפּגעגעבן געוואָרן די פּריצים, אַזוי, אַז די פּויערים האָבן געמוזט זייער אייגענע ערד דינגען ביי די פּריצים. דער קאַמף צווישן די פּויערים מיט די פּריצים אַרום די דאָזיקע „ערד-אָפּשניטן" האָט זיך געצויגן ביז דער אָקטאָבער-רעוואָלוציע.

38) ע. מאַך, דייטשער פיזיקער, צוזאַמען מיטן דייטשן פילאָזאָף אַווענאַריוס דער שעפער פון עמפּיריאָקריטיציזם, וועלכער איז דורך לענינען גרינטלעך קריטיקירט געוואָרן אַלס א סוביעקטיוו-אידעאַליסטישע פילאָזאָפיע. מאַכיסטן — אָנהענגער פון מאַכס לערע.

39) מיט דעם נאָמען האָט זיך אָנגעהויבן רופן א טייל געוועזענע באָלשעוויקעס וואָס האָבן געהאַלטן, אַז מע דאַרף אָפּרופן די ארבעטער-דעפּוטאַטן פון דער רוסישער דומע. פון דאַנען זייער נאָמען. (אָטאָזוואַט אין רוסישן באַדייט: אָפּרופן).

40) די גרופּע „לינקע" באָלשעוויקעס, וועלכע האָבן געפּרעדיקט דעם באָיקאָט פון דער דריטער דומע און אַרויסגעטרעטן קעגן פירן א רעוואָלוציאָנערע אַרבעט אין די לעגאַלע אָרגאַניזאַציעס פון אַרבעטער-קלאַס. פון 1908 ביז 1917 האָט די גרופּע אַרויסגעגעבן אין אויסלאַנד א צייטונג א. נ. „וּפּעריאָד". צו דער גרופּע האָבן געהערט: לונאַטשאַרסקי, באָגדאַנאָוו, אַלעקסינסקי א.א.

## אינהאַלט:

## אַרטיקלען וועגן ל. טאָלסטאָי



## לענין און גאָרקי



## פון די זכרונות וועגן לענינען